## ביכער פון מיכל ליכט

עגאָעמען און אַנדערע לידער, ניו־יאָרק, פאַרלאַג „לאָגלען״, תרפ״ב.

וואַזאָן פאַרלאַג „אידיש לעבן״, ניו־יאָרק, 1928.

פראָצעסיעס און אַנדערע לידער. פאַרלאַג געליע, ניו־יאָרק, 1932.

לעצטע לידער, בוענאָס איירעס, 1954.

ניט צו דערציילן (דערציילונגען), פאַרלאַג געליע, בוענאָס־איירעס, 1955.

וועלוול גאָטה (פּאָעמעמואַר), פאַרלאַג געליע, ב. איירעס, 1955.

אויף די ראַנדן (וועגן ליטעראַטור), פאַרלאַג געליע, בוענאָס־איירעס, 1956.

---

## איבערזעצונגען

יורגען פון דזשיימס ברענטש קעבל. פאַרלאַג „גראַהאַר און סטאַדאָלסקי״, 1929, ניוי־אָרק.

מאָדערנע אַמעריקאַנער פּאָעזיע, פאַרלאַג געליע, בוענאָס־איירעס, 1954.

מ י כ ל  ל י כ ט

# אויף די ראַנדן

וועגן ליטעראַטור



פ אַ ר ל אַ ג  ג ע ל י ע
בוענאָס-איירעס
1 9 5 6

# א י נ ה אַ ל ט :



## איבערזעצונגען :

נאָך מיכל ליכטס פּריצייטיקן אַוועקגיין פון אונדז, דעם 10טן יוני 1953, אין עלטער פון 60 יאָר, האָט מען געפונען זיין אַרכיוו אין אַ מאָד־נעם צושטאַנד. דער אַרכיוו איז ניט געווען אין יענער אָרדענונג ווי מ׳האָט געקענט דערוואַרטן פון דעם פּינקטלעכן און זויבערן ליכטן. די זאַכן, וואָס ער האָט געלאָזן, האָט ער, קענטיק, ניט דורכגעקוקט אין די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן. דאָך האָט מען געפונען די לידער, דערציילונגען, איבערזע־צונגען און זיינע זכרונות „וועלוול גאָטה״ — אַלע באַזונדער. אינגאַנצן ניט געסדרט זענען געווען זיינע שריפטן וועגן און אַרום אַליין ליטעראַטור — קריטיק, רעצענזיעס און ליטעראַרישע אָפּהאַנדלונגען. מעגלעך, ער האָט ניט געהאַט בדעה זיי אַרויסגעבן אין בוכפאָרם. מעגלעך, ער איז געווען אומצופרידן מיט זיינע יוגנטלעכע קריטישע פאַרצייכענונגען. די סיבה פון דעם אַלעם איז, מן הסתם, וואָס — חוץ עטלעכע לידער — האָט ער, מחמת קראַנקייט, גאָרניט געשריבן די לעצטע צוואַנציק יאָר פון זיין לעבן. צו זיינע קריטישע אַרבעטן האָט ער זיך, קאָנטיק, אינגאַנצן ניט צוגע־רירט. איז דעריבער געווען שווער זיי צו ברענגען אין אַ וואָסער־עס־איז אָרדענונג. שווערער ווי אַלץ איז געווען צו באַשטימען צי ער וואָלט לכתחילה אַרויסגעגעבן אַ בוך קריטישע אָפּהאַנדלונגען. אויב, אָבער, ער האָט גע־חלומט וועגן דעם — האָט ער ניט איבערגעלאָזן קיין שום אָנדייט וואָס ער וואָלט אַריינגענומען אין בוך און וואָס ער וואָלט אויסגעלאָזן.

אין אָפּקלייבן דעם מאַטעריאַל פאַרן איצטיקן בוך האָט מען זיך גע־רעכנט מיטן מעגלעכן ווונטש פונעם נפטר. עס איז אַ גרויסער ספק צי אין די עלטערע יאָרן וואָלט ליכט אין אַ באַנד אַריינגענומען זאַכן מיט אַ שאַרפן פּאָלעמישן נוסח, וואָס איז אָפט כאַראַקטעריסטיש פאַר איינזייטיקע יוגנטלעכע, פאַר יוגנטלעכע אויפריכטיקע בונטאַרן. ער וואָלט זיי אפשר

אויסגעלאָזן ניט מחמת דעם, וואָס זיי זענען שאַרף־פּאָלעמיש, נאָר ווייל זיי וואָלטן שוין געווען פאַרעלטערט. פּאַראַפּראַזירנדיק לאָרד באַלפורן, קען מען זאָגן: קיין זאַך ווערט ניט אַזוי פאַרעלטערט ווי וויכוחים. ליכט וואָלט, מן הסתם, ניט אַריינגענומען זאַכן, וואָס זענען אין דער בחינה פון קיקיון דיונה.

צו זיין מער קאָנקרעט איז כדאי צו באַטאָנען: אין דעם בוך זענען אַריין בלויז אַזעלכע זאַכן, וואָס קענען באַלייכטן ליכטס בליק אויף ליטע־ראַטור, זיינע אינטערעסן און זיין געשמאַק. זיין צוגאַנג צו ליטעראַטור איז געווען — גרויס דרך־ארץ פאַר שלימות. זיינע אינטערעסן האָבן זיך געוואָרצלט אין גרויסן דאָרשט אויסצוגעפינען די „מעכאַנישע" סודות פון ליטעראַרישע דערגרייכונגען. ער האָט געלייענט אָן אויפהער. און אַלץ האָט ער געלייענט מיט קאָפּ. ער האָט זיך אינטערעסירט מיט דער דיסצי־פּלין פון שאַפונג־פּראָצעס. ביי אים איז עס געווען מער ווי אַן אינטערעס: עס איז געווען אַן אַבסאָלוטער מוז פאַר אַ קינסטלער. קונסט איז מתחייב. און דער קינסטלער איז מחויב דערלערנען אַלץ מער און מער פון דעם, וואָס לאָזט זיך דערלערנען. און וואָס טיפער אַ קינסטלער דערלערנט עס, וואָס סאָלידער זיין וויסן, אַלץ פיינער זיינע חושים, געפילן און געשמאַק. און דאָס פירט נאָך ווייטער. דער קינסטלער באַקומט די פּריוויזדיקע איבער־צייגונג, אָבער אויף אַ העכערער מדרגה. אַריבער די גרענעצן פון דער־לערנטן, — דאָרטן שטראַלט־אויף דאָס אומדערקלערלעכע. אָבער דאָס אינטויטיווע, דאָס טראַנסצענדענטאַלע אין קונסט באַפרייט נישט דעם קינסט־לער פון וויסן אַלצדינג, וואָס האָט אַ שייכות צו קונסט — דירעקט און אומ־דירעקט. „דער יונגער קינסטלער — שרייבט ליכט — וואָס גרייט זיך צו דינען דער קונסט, אָדער זי באַהערשן, זאָל ער נעמען ערנסט דעם ענין שטודירן". ליכט האָט געגלויבט, אַז „אונדזער קולטורעלער פּראָגרעס ענגט אָפּ פון באַוווסטזיניק ראַפינירן דעם געדאַנק, אַז דער גייסט, די נשמה, מוז דירעקטירט און געאיבט ווערן פון דעם מוח, און אַז דער מוח מוז באַשטרעבן אַ באַוווסטזיניקן אינדיווידואַליזם, וואָס איז שטענדיק „איין טראָט ווייטער", מוז ווערן אַ מיילשטיין, מיט וועלכן מיר זאָלן מעסטן אַלע קולטורעלע ווערטן, און צום געהיטסטן — אין דער קריטיק, און צו־גאַנג צו אַ קונסטווערק".

קריטישע מבינות, סתם מבינות — האָט ליכט געהאַלטן — באַריי־

כערט ניט דעם לייענער. דער וואָס חזרט איבער פרעמדע מבינותן, האָט זיכער גאָרניט געלערנט. קריטיק האָט דעמאָלט אַ ווערט, ווען זי באַלייכט שטחים און טיפקייטן, פאַרבאָרגענע אין אַ ווערק.

ליכט האָט ניט געלייקנט אינטויִציע. ער האָט זי אָבער ניט געטרויט. באַזונדערס אין אַ סביבה פון אַנטי־אינטעלעקטואַליזם — אָפענעם צי באַהאַלטענעם. אומצוטרוי צו אינטויִציע האָט זיך שוין אָנגעהויבן קלאָר ווייזן אין דעם ערשטן פערטל פון היינטיקן יאָרהונדערט. דער פּאָעט פּאָל וואַלערי, למשל, האָט זיך צוואַנציק יאָר באַהאַלטן צו שטודירן וויסנ־שאַפטן. ער האָט געוואָלט „ברענגען דער קונסט און דער קריטיק אַ מער פּרעציזן און אויסגערעכנטן סדר". אין זיינע „פראַגמענטן פון אַן עסיי" ציטירט טאַקע ליכט וואַלערין: „אין די לעצטע פערציק יאָר איז אַ ספק אַנטרונען פון מיין געדאַנק. די אוראַלטע אַמביציע, די ניכטערקייט פון פּראָפעסיאָנעלע דענקער וועט, פאַרשטייט זיך, קיינמאָל ניט אַריינגעמען אין זיך אַ טייל פון דעם לעבעדיקן שטראָם, וואָס די קונסט שטעלט מיט זיך פאָר, ווען זי אַנטפּלעקט זיך אין אַ גרויס שאַפעריש ווערק. אָבער אַ קריטיקער מיט דעם קנאַל און פייער פון קריטישן דונער און בליץ מוז, צוליב דעם צעצווייגטן תוכן וואָס ליגט באַהאַלטן אין יעדן קונסטווערק, זיין גרינטלעך באַהאַוונט מיט די פילאָסאָפישע יסודות אין יעדן געביט וואָס איז די אַקטיוויטעט, אויב ניט פון קאָסמאָס איז כאָטש פון אונדזער ערדקוגל. וואָס גרינטלעכער זיין קאָנטשאַפט, אַלץ גרינטלעכער אינטערע־סאַנט זיינע ספּעקולאַציעס".

נאָכמער איז ליכטן געפאַלן, וואָס וואַלערי האָט געזאָגט וועגן זיין אייגענער, דער פראַנצויזישער פּאָעזיע: „ליטעראַטור... האָט מיך אָפט דער־שטוינט מיט דעם, וואָס אין איר איז ניטאָ דיסציפּלין, פאַרבינד, און נויטווענד אין באַהאַנדלען אידייען... פראַנצויזישע פּאָעזיע פאַרזעט, אָדער האָט מורא פאַר אַלע טראַגעדיעס און עפּאָסן פון אינטעלעקט. די געציילטע מאָל, ווען זי פאַרבלאָנדזשעט אויף דער טעריטאָריע, ווערט זי טרויעריק און טעמפּ אָן אַן עק. ניט לוקרעצי, ניט דאַנטע זענען געווען פראַנצויזן. מיר האָבן ניט קיין פּאָעטן פון אינטעלעקט... די זאַכן, וואָס עקזיסטירן אָן געזאַנג, קענען מיר ניט אָנקליידן אַ זינגענדיק לבוש. אָבער אונדזער פּאָעזיע, במשך די לעצטע הונדערט יאָר, האָט באַוויזן אַזאַ זעל־טענע קראַפט פון באַנייאונג, אַז אפשר וועט די צוקונפט ניט פאַרבלייבן אין

אומגעאײל איר באַשערן טײל װערק, װאָס זענען גרױס אין זײער סטיל, נאָבל אין זײער ניכטערקײט, און דאָמינירן אי די חושים, אי דעם אינ־טעלעקט". און ליכט קומט צו דער מסקנא: װען אַ ליטעראַטור באַגרײפט דעם דאָזיקן צושטאַנד, אפילו װען זי האָט ניט באַװיזן עפּעס אױפטאָן אין דער דאָזיקער ליניע — איז דאָס אַלײן שױן אַ גרױסער ענין. פאַר אַ דורכפאַל האָט ער ניט מורא געהאַט. בײ יעדן מעגלעך־דערגרײכטן דער־פאָלג לױערט אַ מעגלעכער דורכפאַל. דערפאָלג און דורכפאַל געװענדן זיך ניט נאָר אין אינדיװידועלן קינסטלער, נאָר זײ זענען אױך אַ „רעזולטאַט פון פריִערדיקע דורות קונסטזאַמלונגען פון פּרוּװן, עקספּערימענטן, און פון דױערהאַפטיקן מאַטעריאַל".

כדי קלערער צו מאַכן און מער באַטאָנען זײן בליק אױף קריטיק, האָט ליכט איבערגעזעצט עטלעכע עסײען: ט. ס. עליאָטס, לאָרד באַלפורס און פּוירסי ביש שעליס. און מיר דרוקן זײ דאָ איבער.

װען ליכט װאָלט דערלעבט אַרױסצוגעבן דעם איצטיקן באַנד, װאָלט ער זיכער אױסגערעדאַקטירט אַלע אַרבעטן. ער װאָלט זײ אודאי דערפירט צו שפּראַכלעכער שלימות, װאָס ער האָט שפּעטער דערגרײכט. אָבער די אַלע זאַכן פון איצטיקן בוך האָט ער, על־פּי־רוב, אָפּגעדרוקט אין די צװאַנציקער יאָרן. דרוקן מיר דאָ אַלע זאַכן אין אָריגינעלן לבוש. מיר גיבן בלױז אָן די דאַטע נאָך יעדער אַרבעט. די, װאָס װעלן זיך אינטערעסירן מיט ליכטס ניט־אַרײנגענומענע זאַכן, װעלן קענען געפינען אַ גענױע בי־בליאָגראַפישע רשימה בײם סוף באַנד.

נ. ב. מינקאָװ

מערץ, 1956.

# פראַגמענטן פון אַן עסיי

I

עס איז נישט קיין גרינגע זאַך צוקומען צום סאַמע מקור פון דער יידישער פּאָעזיע. איר שורש איז פאַרוואָרצלט אין עטלעכע דינע ביכלעך און מאַנוסקריפּטן־ווערסיעס, וואָס זענען צעוואָרפן איבער פאַרשיידענע ביבליאָטעקן ווי אין „אקספאָרד", אין בריטישן מוזיי, ענגלאַנד; מינכען, האַמבורג און בערלין, דייטשלאַנד; און די סברה פון אומצייליקע אַנטיקן, נאָך נישט אויסשטודירטע, פון איטאַליענישע זאַמלונגען, ווי אַ שטייגער אין מאַנטואַ. ערשט קומען צו די עקזעמפּלארן פון פריוואַטע זאַמלונגען, ווי אַ שטייגער פּראָפ' פּאָרגעס', לייפּציג; ד"ר גאַסטערס, לאָנדאָן; גענעראַל־קאָנסול ווילמעסדערפערס, מינכען — מיטן צוגאָב פון אַ פּאָר שפּעטערדיקע ווערטפולע עקזעמפּלאַרן, ד"ר ווינערס, קעימברידזש, פּאַראייניקטע שטאַטן. גאַנץ שווער איז אויסצולייזן אַן אָנהייב פון דער ערשט נישט־לאַנג געפּאָרשטער, אָנהייבערישער טעטיקייט איבער אונדזערע ערשטע דיכטער — שפּילמאַנס, בבאָ־ און אַרטור־מינעזינגער. איידער מען קען קומען צו אַ סדר, וועט די מיזאַמע עובדא פון אויסשייל און אָפּוויקל מוזן געטאָן ווערן פון אונדזערע פילאָלאָגן און קולטור־געשיכטלער. אַזוי פּאַסירט אין דער ליטעראַטור, ווו די מים־חיים רינען מיט דער דורכזיכטיקייט פון קולטור־שטראָמס צוג, אַז ציקלען חזרן זיך איבער. דער נייער דור פון דייטשער דיכטונג קערט זיך צוריק נאָך אַן אָפּפריש צו וואָלטער פאָן דער פאָגלווײדע (אפשר אים קעגנשטעלן אונדזער זיסקינד פון טרימבערג) און העלדערלין, אַ פיגור וואָס מיר קאָנען נאָך דערווייל נישט אַנאַלאָגירן. אין דער מאָדער־

נער ענגלישער דיכטונג פירט דער ריקצוג ביז דער רעסטאַווראַציע־תקופה, מיט אַ היפש פאַרטראַטענעם צוגאַב פון וועבסטער־ דאָן־ און דראַידין־ טראַדיציעס. די געוועזענע דאַדאַיסטן האָבן פאַר גוט אָנגענומען די מאַסקנ־ שפּיל אין פראַנקרייך פון דער רענעסאַנס־עפּאָכע און אַדאַפּטירן זייער ליריק נאָך ווילאָן־מאָדעלן.

חוץ אַלעמען איז זיכער בויטוועדיק אויסצופאָרשן אונדזער פּרימיטי־ווע פּאָעזיע פון נאָכגעאַמטע איראָפּעישע עפּאָסן (ווי די ניבעלונג־ליד, „קי־ניג אַרטיש״־לעגענדעס), „שמואל״ און „שופטים״־ביכער, פּורים־שפּילן ווי „אַקטאַ אחשורוש״, „מכירת יוסף״ און „מגילת ויניץ״, כדי אויף אַזאַ אופן איבערשאַפן די פּרימיטיווע דיכטונג גופא. „אויפצובויען הערקולעסן פון פוסגעלענק אַרויפצו״, ווען „אַלץ וואָס איז העכער פון דער קני איז דיין אייגנס״ איז מיט עטלעכע שטאָפּלען העכער ווי אַ ווונדערלעכער צייטפאַר־טרייב. אונדזער אינטערעס מוז זיך אָבער באַגרענעצן מיטן עצם־גייסט פון דער פּאָעזיע אַליין. די „ערלעכע פּאָעזיע״ איז איינפאַך דער מעטרישער צו־זאַמענזאַץ פון ריטמישע ווערטער, וואָס ציִען געדאַנקען „אַרויס פון שייד״. אין אָנהייב זענען די געדאַנקען געווען טאַטן, אויפטוען פון העלדן, מענטשן וואָס האָבן לויט זייער באַשטימטן גורל געוואַגט צו פאַרלעצן איינגעשטעלטע קאָנווענצן, פאַרצווייגטע מאָראַלן און האָבן דערפאַר געקראָגן זייער שטראָף — דאָך, געלאָקט דעם מיטלאַלטערלעכן דיכטער צו „קינסטלערישן״ רעוואָלט, ווייניקסטן. איבעריקנס, איז דאָס טאָג־טעגלעכע לעבן געווען גענוג גרוי, און ווי רעאַל, אָבער פאַר מענטשן מיט שווונג און עמפּינדלעכקייט, נישט אינטערעסאַנט צום איבערלעבן, נאָכדענקען און טרוימעריש איבערקאָכן און פאַרדייען. ס׳יִידישע געטאָ — מיטן אויסנאַם פון „הויף־ייִדן״, וואָס האָבן פאָרט געכאַפּט אַ נאַש ביי עפּעס אַן אַזאַרט, אַן איבערלעב פאַר זיי־ערע חושים — איז נישט געווען מסוגל בייצוטראָגן צום פולן רעזאָנאַנס פון אַ פאַרבנרייכער עקסיסטענץ, שידנאַרטיקן אויפטו, צו דער גאַלוואַני־זאַציע פון אַ לעבן וואָס בוצט אַלע מעגלעכקייטן, שעפּט פון אַלע כוחות, לאָדט אויס אַלע געדאַנקען, לייזט אויף די איינבילדונגס־קראַפט און דער־לייזט דעם אינערלעכן אימפּעט. דער דיכטער האָט געלעבט מיט זיין גע־שיכטלעך־נביאישן חלום. *)

*) טעקסטן פון מ. באַסינס „אַנטאָלאָגיע״, באַנד 1.

„דר בון וויל איך שווייגען
עז ווער צו זינגען וויל,
בון דעם בוך שמואל
איך אוייך זינגען וויל,
ווי גאָט יתברך דורך זייני גיוטי
גרוש וואונדער האָט גיטאָן.
דער וועל אונז אין גלות
אין קיינן נאָיטן לאָן.״

(שמואל־בוך)

„די קינדר ישראל וואָרן
אין מצרים לאַנד;
דאָ דר צייגסטו אין ויל צייכן
דורך דיין גיוועלטיג האַנד,
און׳ ויורסט זי אויז דעם גלות
אין די ווילדי וויסטניי,
און׳ גאַבסט אין די תורה
אויף דען בערג סיני.״

(ספר יהשוע)

„משה רבינו דש דער וואז הייליג
און׳ וואז אן קיוניג רייך!
אין דער נבואה און׳ אין לאָב גאָט
ואנט מאן ניט זיין גלייך.
ער ואז איין קיוניג איובר וואָלק גאָט
און׳ איובר אַל זיין העיר,
זיין וואונדר קאָן איך אייך ניט דר צעילן,
זי זינט ויל זעיר.״

(ספר יהשוע)

**אייגן לעבן איז געווען מאַנגלדיק אין ווונדער, אין גרויסקייט, אין גע־וועלטיקן. אַרום געטאָ האָבן זיך געהערט די כמעט פאַרצייטיקע אונטערטע־נער פון „קיוניגע״, „פיורשטן״ און ווילגעלעבטן אַדל. דער מאַרך, דער**

**„טרוקענער" יידישער „גידאַנק" האָט זיך געטונקען אין ש"י עולמות, אין דעם התלהבותדיקן דאָרשט נאָכן יין המשומר. דער גומען האָט געלעכצט מיט אומזעט נאָך די פעטע געפּרעגלטע פּרענטעס שור־הבר. דערווייל האָט דער ווינט פּאַרוויט פון די געבערגטע פּאַלאַצן פון די שאַנטאַזש־„ריצרדס" ביז צום געהער אונטער די געקרייזלטע פּאות, אַז*)**

„מן שפריכט וויא אין למפרטן
ווש ג'זעשן ור לאנגן צייטן
איין הערציג פון הוכר ארטן
זיין גלייכן וואר ניט אין וייטן.
הערציג גווידון היש מאן דען צארטן
איין שטאַרקר דעגן אין אַלן שטרייטן
אונ' מיט גרושר אירן טרוג ער דיא קרונה
אין איינר שטאָט די היש אנטונה:"
(אליהו לעוויטא: בבאָ־בוך)

„ . . . .
דו זאך זי רייטן איין שויני מייד.
איר פפערד טעט ניט אנדערש וועז לאפן.
אונ' זי טעט ניט אנדרש וועז זיך שלאָגן אונ' ראפן.
בור וואר זאָג איך אויך דש.
איר (האר) ווא קלור אז דש גולד.
. . . .
. . . .
קיינר שויני ורויי וואר ני גיבורן."
(כתב־יד האַמבורג נר. 289,
שטיינשניידער 288, בלאַט 22ב. — 26א.)

**אויפן סמך פון באזונגענע עולות, שפּעטער אין אַנטוויקל פון די ציקלען — די געטויטע ריטער, פּאַראַטע קיניגנס, עקספּלואַטירטע און אויסגעצנדיקע הויפלייט, אאַ"וו, קומט טאַקע אפשר דער אַלטער יידישער**

*) **די צוויי טעקסטן ציטירט פון מאַקס עריקס** „וועגן אַלט יידישן ראָמאַן און נאָוועלע".

יאוש; דער דיכטער ציט אַן אוראַלטן געדאַנק פון שייד, עמולירנדיק „ריצרדן" מיט זיין שווערד.

„די וואַרהייט איז געשטאָרבען,
די פרומקייט איז פערדאָרבען;
לאסטער און שאנד
האָט גענומען אויבער האַנד."

רעציטאַציע פון מענטשלעכע פעלערן אין אָנגאַנג פון נאָך אַ צוואַנציק שורות בערך ביז דעם פינאַל:

„דאָס איז דער לויף אויף ערדען:
אָ, גאָט, וואָס פאַר גוטעס וויל דארויס ווערדען!"
(אולמאַ זעליגסאָן: צוכטשפיגל)

וואָס מכוח אייגענע מאָטיוון זיך דערוואָרבנדיק צום יידישן זינגער, אין פאָלקס־וואָרט אָדער מאַנוסקריפּט? פאַרוואָר, פאָלקס־צער לייסט אַ „מגילת־וינץ" און גאָר פערזענלעכער אויסדרוק אַ „ליבעליד" (אנאָנ.). נאָר אין דער צייט ווי די יידישע טרובאַדורן, אין ענגן זין פון וואָרט, האָבן נאָכגעפאָלגט די קאָנווענצן, די ליטעראַרישע מסורות פון די פעלקער אַרום זיי און די העלדנטאַטן וואָס האָבן צו זיי דערגרייכט, האָבן די פרעמדע ליטעראַטורן געשאַפן די אָריגינאַליטעט פון אויסדרוק און פאָרעם, וואָס האָט זיך מיט דער צייט פאַרוואַנדלט אין איינגעשטעלטע האַנדלונגען, שוין נישט צו רעדן פון באַזירטע ריים־מאָסן און טראַף־טיגלען. „דער העראָישער צוויי־שורותדיקער פערז", זאָגט פּראָפ. מענלי, „איז זיין אייגענער אור־שפרונג. טשאָסער האָט געשריבן צוויי־שורותדיקע פערזן און אָט זענען זיי דאָ". און מיט רעכט מעג מען באַהויפּטן, אַז ערשט ווען שפּעטערדיקע דיכטער האָבן די פאָרעם באַנוצט איז דער קופּלעט־פערז געוואָרן דאָס וואָס מיר נענען טראַדיציע. איין מעלה פאַרמאָגט מסתם דער מאַנגל פון יידישע כתב־ידן: זיי האָבן די „אָטאַוואַ רימאַ" נישט פאַרמאַטערט, פאַר־פעלט זי צו מאַכן פאַר גאַנגבאַר.

טראַדיציאָנעלע מאסשטאבן ווערן אויך געבוירן פון הינקענדיקער טעכניק. אין דער ענגלישער ליטעראַטור קומען־אויף די דראַמאַטישע ווערק צו יענער צייט מערסטן נאָר אַ דאַנק ענלעכע רעוואָלטן. אַזוינאָך דאָמינירט

איינער פון די ערשטע ענגלישע דראַמען־שרייבער, העגגע, אין זיינע נסים־שפּילן. אַזוי אויך האָט זיך אויסגעאַרבעט די סובטיל־אומסובטילע טעכניק ביז אונדזערע אימפּרעסיאָניסטן און עקספּרעסיאָניסטן. דאָס אייגענע, אין פּאָעזיע — ביז צום פרייען פערז.

פון וואַנען שטאַמען די קאָנווענצן ביי אונדזערע מינעזינגער, הלל־זאַגער און שפּילמאַנס? וואָס איז דער געשיכטלעכער שליאַך, אַנגענומען, אז די ייִדישע אור־ליטעראַטור האָט איינצייטיק אָנגעווענדט איר פאַרגעלאָפּענעם העברעיִשן איינפלוס צוזאַמען מיט דעם אויפשטייגנדיקן אייראָפּעיִשן, און אויף וואָס פאַראַ אופן האָט זיך דער שליאַך קריסטאַליזירט פון בבאָ־בוך אָן ביז דער ליטעראַטור פון דעם קעגנוואַרטיקן ייִדישן דור? דער לייכטסטער ענטפער וואָלט געווען, אז בעת די כאַראַקטעריסטישע ייִדישע ווערק זענען געווען דער רעזולטאַט פון רעליגיעזער שטימונג, זענען די ליטעראַטורן פון די אַרומיקע פעלקער געווען פון פאָרמעל „פּאָעטישער" סכעמאַטיזירונג. צו ציטירן אונדזערע באַווייזן איז גענוג צו פאַרופן זיך אויף די ווערק פון וואַנען די פריִערדיקע אויסצוגן זענען געבראַכט. צו נעמען אַ פאַראַלעלן ביישפּיל פון יענער אייראָפּעיִשער צייט, אַ גאַנץ כאַראַקטעריסטישן. דער מיטלאַלטערלעכער אַלעגאָרישער „ראָמאַן דע ראָז" האָט געטראָגן וועזנטלעך בלויז אין טראַדיציע אויף וויפל עס איז שייך פאָרמעלקייט: „פאַרבינדן" די פרוי מיט דער רויז. מיט דער צייט זענען די האַרמאָנישקייטן פון דער בלום אָנגעקניפּט געוואָרן מיט די פולקאָמקייטן פון דער פרוי. „מיין ליבסטע איז ווי אַ רויטע, רויטע רויז". אָדער „קיניגן רויז פון דעם מיידלשן רויזנבוש־גאָרטן". פון דער טראַדיציע איז ביי אונדז קיין זכר נישטאָ. פאַר דעם מיטלאַלטערלעכן ייִדישן דיכטער איז געווען צוגענגלעך צו זינגען בלויז פון גאָטס גרויסקייט, פירטערלעכקייט און באַרעמהאַרציקייט. אַן אויסנאַם האָט אויך געמעגט זיין צייטפאַרטרייב. דיכטן בלויז צוליב מה נאה האילון הזה האָט קיין ייִדישן אור־זין נישט געהאַט. אַפילו אַ גרס אַ טאָכטער, זינגט זי שוין אין ייִדיש, אין דער צאַרט אויפוואַכנדיקער עלטער פון אַ בגרת, איז עס אויך אַ געבעט, אַלס פאָרוואָרט צום פּאָטערס בוך תפילות: אויך זי רימט דעם רבש"ע און באַווייזט „הרכה והעגונה בת ישראל" — אין אַ געוויסן זין, זיך אַליין, מיט אירע ליבידאָס וואָס וועלן אויסגעצערט ווערן, גיין אין ביוועץ, כדת.

אין דער זעלבער צייט זענען שוין „יונגערע" פּאָעטישע מאָטיווי־

רונגען געוואָרן טראַדיציע, שוין שימלענדיק אין דער ברייטער וועלט־ליטעראַטור. צו נעמען נאָך אַ ביי־משל, אין פריִערדיקן וועגד, צו יענער צייט אַפילו אַ גאַנץ אומוויכטיקן, סיידן וויכטיק דערמיט וואָס ער האָט אַפּעקטירט גענעראַציעס פון טראַדיציע. דער צאַרטער פרויען־נאָמען מאַרגעריט איז געוואָרן דער סימבאָל פון בלומענוואַרג, מאַרגאַרעטקע. אין דער שפּראַך פון יענער צייטס קעגנוואָרט איז עס געווען די רעוואָלוציע פון פּרוילע־כער אַפּאָזיטקייט, געצערטלטן בייגאָב: די קאָנוועניִרטע פרוי־רויז ווערט פאַרוואַנדלט אין סינאָנים פון פרוי־מאַרגאַרעט. קוריעזער אפילו איז דאָס, וואָס די באַגאַבטקייט און אַטריבוטן פון דעם נייעם בלום־סינאָנים מוזן נאַטירלעך נישט זיין היגטערשטעליק קעגן דער אייגנשאַפט פון זיין פאָר־געלאָפּענעם בלום־... געדוך. די רויז שמעקט? שמעקט אויך די מאַרגאַ־רעטקע. אַזוי נאָך הייבט זיך אָן די טראַדיציע פון וואָס מיר רופן פּאָעטישע ליגנס, אָדער אײדעלער, פּאָעטישע פרייהייטן. די פּאָעזיע פון אַ טראַדי־ציע קעמפט מיט דער נאַטור. די לעצטע זאָגט זיך אָפּ (ס׳איז נאָך אַ לאַנגע ווייל אײדער די פּאַרנאַסיער און סימבאָליסטן וועלן זיך מאַניפעס־טירן אין פראַנקרייך, די סאַוואָיאַנער און „יעלאָו בוק“ קינסטלער אין ענגלאַנד) נאָכצומאַכן דער קונסט, צוליבטאָן דער קאָנווענץ פון דער רעגירנדיקער אויפפאַסונג פון חכמת השיר. אָבער אין דער דיכטונג ממש מוז זיך דער ליגן אויסלעבן און אַרויסקומען געלייטערט, ד״ה וואָר, ד״ה קינסטלעריש פולקאָם. דאָס אייגנטלעך איז דער עטאַפּ, אָנהייבנדיק מיט דעם „ראָמאַן דע ראָז“ דורך מאַשאָ — דעשאַן — פּרואַסאר — טשאָסער — און וויטער — און ווייטער — אפשר נאָך אַלץ נישט פאַרענדיקט אין אַ סך פרטים.

אויך אין דער וועלט־ליטעראַטור האָבן קינסטלער פון גרויסן וואָרט, פון פאָרנעמסטן אינהאַלט צו יענער צייט נישט דורכויס זיך אָפּגעגעבן מיט „פּאָעזיע אין בלומען“. לגבי דער וואַקכאַנאַליע פון רוימישן קריסטנ־טום אַרום יענעם פעריאָד (י״ה 16), האָט עדמונד ספּענסער, דער פּראָ־טעסטאַנט, גראָד אין זיין „מאָדהער האָבערד טייל“ פאַרדאַמט (איז עס אַ פרישער באַוויז פון רעליגיעזער שטימונג?) מאַסקעשפּילן, קאָרטן, ווירפּל־שפּיל און קעפּסווייבעריי. נאָך בעת אונדזערע האָבן אַוועקגע־שטעלט אַזעלכע בלייבע אָפּוועקסלונגען ווי די ריי „ניט, ניט, ניט“ אין תהילים איבערגאַנג:

„וואול דעם מאַן דער ניט דר רשעים ראַט געט,
און׳ אין דער וועג דר זינדר ניט ער שטעט,״
(משה שטענדאַל: אשרי)

שטעלט דער פּראָפעסער פון „דהי פעירי קווין״ אַוועק איבונגען ווי „לויפן, יאַגד, געראַנגל״. די סימפּאַטיעס זענען אַזוינאַך געווען אי גייסטיקער, אי אַפּעלירנדיקער צו די חושים; אי מיטלאַלטערלעך, אי הו־מאַניטאַר; אי קאַטויליש, אי פּראָטעסטאַנטיש; אי העלעניש, אי העברעיִש. (עדמונד ספּענסערס) פילאָסאָפיע איז געווען אַ דאַנקבאַרער געמיש פון פּוריטאַניזם און פּלאַטאָניזם, וואָס האָט אים געהאָלפן אָנהאַלטן ס׳גלייכ־געוויכט צווישן גוף־ און גייסט־אינטערעסן, צווישן דעם שיינעם און דעם גוטן.״ *)

אַלזאָ, צו דריגגען אַז רעליגיעזע שטימונג, קלאָר און איינפאַך, גע־נוגנט צו שאַפן ביי אַ דיכטער פּאָעזיע, אָדער אַז די איבערלעבונגען פון יידישן יחיד, אין די ראַמען פון כלל, האָבן געבראַכט צו רעליגיעזע איבערלעבונגען, וואָלט מעגלעך געמאַכט גוטצוזאָגן עפּעס אַ מאָראַלישע פּאָזיטיוויקייט, אפילו מיט אַ שמץ פון עסטעטישן כאַראַקטער, אין די גע־שאַפענע זאַכן. וואָס אייגנטלעך איז דער ספּעציעלער מין איבערלעב וואָס מיר רופן רעליגיע? עס איז אַ צושטאַנד אין וועלכן מיר גייען דורך אַ סענסיטיוויקייט צו דער קאָנקרעטער פולקייט פון זאַכן וואָס מיר איגנאָרירן אין אַנדערע צושטאַנדן. עס איז די ברייטע וואַכזאַמקייט פון דער דעלי־קאַטער, סובטילער, רייכער פולקייט פון אונדזער אינדיווידועלער מיט־רעאַגירונג אויף אומגעב וואָס איז אַלגעמיינלעך בישט אַ טייל פון באַ־וווסטזיין. אָבער עס איז קלאָר אַז מיר זענען וואַכזאַם אין די זעלטענע מאָמענטן פון רעליגיעזן איבערלעב וואָס ווערן פאַרוואַנדלט, מיט דעם אָנווענד פון שטרענג געצאַמטן קאָנטראָל, אין עסטעטישן געגוס. דער אַרום־און־אַרומיקער עפעקט פון זייער עקסטאַז, פון אונדזער התלהבות, גאַראַנטירט די גרויסע רעליגיעזע מעטאַמאָרפאָזן, ווי „די געטלעכע קאָ־מעדיע״, „דער פאַרלוירענער גן־עדן״ (צו נעמען אַ פּאָר, די פּאָר, פון זייערע ווערק) ווי די שטעלן פון אונדזערע נביאים (וואָס זענען אונדזער

*) The Political and Ecclesiastical Allegory of the First Book of the Faerie Queene by Frederick Morgan Baddleford.

גרויסע פּאָעזיע פון רעליגיעז־עקסטאַטישן כאַראַקטער). די קריטיק אין דער וועלט־ליטעראַטור אָבער ווייזט קלאָר אויף די פעלערן פון אַזאַ אויסטייטש פון שפּעטערדיקע ווערק — ביי אונדז נאָך דעם נביאים־פעריאָד, און ביי זיי נאָך דעם רענעסאַנס־רעליגיעזן אייפער — דורך דעם וואָרט „עסטעטיק", סיידן ברייטער געמיינט זאָל עס אָנגערופן ווערן קונסט פון רעליגיעזער באַגייסטערונג. אויב די כראָניק־ביכער פון תנ"ך זענען נאָך אין זייער ערשטער פאָרעם דריי־דימענסיאָנעלע ליטעראַרישע ווערק (עס איז צו געדענקען, אַז פריִער איז גערעדט געוואָרן פון די נביאישע ביכער אויסשליסלעך), זענען די שפּעטערדיקע סימולאַציעס פון ייִדישע איבערזינגער אַ סך ווייטער אָפּגערוקט פון דעם באַקוועמען טערמין „קונסט". שטימונגען פון אַן אָנגענומענעם כאַראַקטער, פון אַ גילטיקן עסטעטישן אַרט, זענען פונקט אַזוי דער אָנהייב פון נייע איבערלעבונגען ווי ס'איז די שטימונג וואָס רעזולטירט פון אַ גייסטיקן ווילשטאַנד אָדער פון אַ שלעכט־פאַרדייטן געריכט. אַלע אָנגעמערקטע פאַלן זענען דאָך אומדערקלערבאַר, סיידן אַדאַנק אַ פיינער אָנונג פאַרוואָס די גאַנצע סיס־טעם פון זאַכן עקסיסטירט, ווייל: אַלע אויסטייטשונגען נעמען אָן פאַר גוט, ווי אַ באַזע, אַ סיסטעם וואָס עקסיסטירט שוין.

פון דעם שטאַנדפּונקט, בלייבט: אָדער, 1) געדענקען אַז די נביאים קענען פאַר אונדז זיין בלויז דאָס וואָס בעאָוווּלף, למשל, איז היינט צו טאָג פאַר דער ענגלישער ליטעראַטור — אַ בלאָס־געאָנט קאָנקרעט פינטל פון אַ בלאָס־געאָנטן באַנעם; אָדער, 2) אַז די טראַדיציע פון דעם סאַמע אָנהייב פון דער ייִדישער ליטעראַטור איז געשיכטלעך פאָרט אייראָפּעיִש, און דער איינציקער מאָסשטאַב צו קומען אין עפּעס אַן עסטעטישן קאָנ־טאַקט מיט דעם עצם „ליטעראַטור" איז דער צעגלידער פון די אומצייליקע פּאַראַלעלן זייערע, כדי צו זען פון וואַנען מיר האָבן, געראָטן צי נישט, פאָרט אָנגעהויבן, און דאָן, וווהין מיר צילן. פריִער וועלן אונדזערע געלערנטע אויף דעם געביט טראָגן אויף זיך די גרעסטע לאַסט פון פאַר־געניגנדיקער פּיאָנער־אַרבעט. דער ליטעראַרישער, בעסער געזאָגט, קריי־טישער צעגלידער וועט נאָכקומען.

איז פאַראַן די קלענסטע באַרעכטיקונג אַנטקעגנשטעלן אונדזער דרוקער־זעצער־מחבר מיט דער פאַרהעלנישמעסיק „פרייער פערזענלעכ־קייט", וואָס איז אין וואָס פאַראַ אייראָפּעיִשער ליטעראַטור געקומען צו

אויסדרוק, געוואָרן דאָרט אַ קינסטלערישער מוילשטיק, אין באַין ערך דיזעלבע עפּאָכעס? רעדנדיק וועגן פראַנסיס בייקאָנס ווערק זאָגט מאַקאָלי: „זיי האָבן געמאַכט אַ גוואַלדיקן איינדרוק אויף די מיינונגען פון דער מענטשהייט אָבער זיי האָבן דאָס באַוויזן צו טאָן דורך פאַרמיטלערישע פאַקטאָרן. זיי האָבן באַוויגן די אינטעלעקטן וואָס האָבן באַוויגן די וועלט.״ (מיין קורסיוו — מ. ל.) איז דאָס נישט דער פּועל יוצא פון יעדן פאָלקס פאַרצייטיקער ליטעראַטור, אויב שוין נישט פון דער קעגנוואַרטיקער? יעדער צוקונפטיקער דור שעפּט זיין יניקה פון דער פאַרגאַנגענהייט: טרוּזם. ווי שווער אָבער ביי אונדז זיך אָנצושטויסן אויף די ליטעראַרישע פּראָדוקטן וואָס זענען די „באַוויגענע קינדער״ פון אונדזער קלאַסישער (13—18י״ה) עפּאָכע. מוז דאָך נישט איטלעכע שאַפונג זיין אורשפּרונג־ריין אָריגינעל... זענען אָבער די ווערק פון די פינף הונדערט יאָר יידישע ליטעראַטור (עס רעדט זיך בלויז וועגן די געציילטע פאַרעפנטלעכטע ווערק און אָפּצוגן) כאַראַקטעריסטיש אויף אָנצורעגן אַ „באַנייאונג?״ די לוסטיקע בבא־בוך־שטעלן זענען זיכער נישט פון אַ ראַבלעזישן פאַרנעם, ווו אין עקזאָטישער סקאָטאָלאָגישקייט וויקלט זיך איבער ס׳גאַנצע רייך פון גריכישן און רוימישן אַרכאַיזם. מעג אפילו דער אורשפּרונג פון „האַמלעט״ זיין דער זעלבער וואָס בבאָס, איז איינס, אין פורעם פון אַ קונסטווערק, איבערגעאַרבעט פון אַן אַלטן, טרוקענעם, האַלב־ראַיעלן און האַלב־פיקטיוון מקור דורך אַ קינסטלער, דער וועלטס געניוס; דאָס צווייטע איז אַלץ נאָך אַ סטערעאָטיפּ וואָס ווערט בשום אופן נישט אויסגעלייזט פון אַ העלזעערישן דיכטערס איבערשאַף פון אַ נישט־געשטויגענער, נישט געפלויגענער מעשה. אויסער דעם זענען מיר צו ווייט אָפּגעשווומען פון דעם ברעג פון ריין אייגענע טראַדיציעס, אַז די צוקונפטיקע דורות קינסטלער אונדזערע זאָלן זיך מיטאַמאָל כאַפּן צום איבערשאַצן אַלטע ווערטן, ס׳דוכט דערפאַר צו זיין אוממעגלעך, אַז אונדזערע מיטלאַלטער קלאַסיקער זאָלן ווען שטיין אויף דער הויך פון „באַוועגן אינטעלעקטן וואָס זאָלן באַוועגן די (יידישע) וועלט״. דער מאָטיוו פון אונדזער מאָטיוון־צעניש־טשונג דאַרף אַזוינאָך אַוועקגעשטעלט ווערן אויף דער באַזע: מיר זענען געוואָרן איינראָפּעיזירט נאָך איידער אונדזער ליטעראַטור האָט זיך נאָרמאַל אויסגעמזרחט. אין דעם נישט־געראָטענעם צוג איז דוכט זיך די קרומע

ליניע געווירעט פון דור־נאָך־דור יידישע שריפטשטעלער פון דער בישט ווייטער פאַרגאַנגענהייט.

אין אַן אַנדער ריכטונג, און ווער ווייס צי עפּעס אַ גורל אין אַלגעמיין בנוגע דער געשטעלטער פראַגע העגנט אָפּ דערפון, איז אַ גרויסער חסרון פון דער יענצייטיקער דיכטונג דאָס, וואָס זי האָט צו פאַרדאַנקען איר ווער־ווייס־ווי־לאַנגע עקסיסטענץ די קאָפּירער. כאָטש סאָקראַט האָט מסתם געליטן געגוג אין זיינע אונדז־דערגרייכטע שמועסן פון זיינע גע־טרייע תלמידים־צוהערער, איז עס אָבער פילאָסאָפיע, אַן ענין וואָס לייטערט זיך בסך־הכל פון דורס צו דורס איבערגאַנג. דער גריכישער חכם האָט אויף אַזאַ אַרט אַ היפּש ביסל לאָבערקרענץ צוגעקראָגן אין זיין רום וואָס געהערן גאָר צו אַנדערע. מיט פּאָעזיע, פּערזנמאָס און עקס־טאַטישן אויפבליק, איז די פאַרגעפּלטקייט פון השערות און מטושטשדיקייט פון דרינגען אַ סך שעדלעכער אפילו צום געזונטן אויפבלי פון אַ טראַדי־ציע, וואָס דאַרף זיך אויסלעבן אַלע אירע אָרגאַנישע מעגלעכקייטן ביז זי פּוטשעוועט זיך אַריבער אין אָפּשוואַך און אָפּגוץ. אַ קאָפּירער איז מסוגל צו בייטן אַ וואָרט, אים פערזענלעך אַ דערווידערדיקע שורה, אַ זאַץ פאַר זיין באַנעם אומגרונטאָוון, אָדער אַן אַרכאַיִש־ענדוואָרט פאַרטוישן, גאַנצע פאסוסן אַרויסוואַרפן. צושטעלן אַליין, מיט אַן אָנמערק, ווי דאָס טוט יהודה בן ישראל רעגענסבורג, אין דער „קליין בראַנטשפּיגל" *) איז איינער פון די געוויסנהאָפטסטע מעשים, וואָס אַ קאָמפּילאַטאָר־צוגעבער קען טון. וואַריאַנטן, ווי אין פאַל פון אַרטור־ראָמאַן אָדער מיט דער מעשה „בריעה וזמירה" זענען פאַר זיך אַליין באַרייכערונגען פון אַ קולטורעלן קונסט־מצב. צי איז יודא בר' יצחק רויטלינגען דער קאָפּירער אָדער פאַרפאַסער איז קינסטלעריש פונקט אַזוי אומוויכטיק ווי צי שעקספּיר אָדער בייקאָן איז דער אויטאָר פון „טראָיִלוס און קרעסידא". (אַ סברה אַז גאָר אַ דריטער איז עס). „הורקניש" איז אפשר וויכטיקער צוליב אינצידענטן פון אומגאַנג ווי „ווער איז די טונקעלע פרוי פון די סאָנעטן". דער הויפּט־חסרון, ווי געזאָגט, איז דעם קאָפּירערס אַנאָנימקייט אָדער די טונקעלע השערה וועגן אַלץ וואָס געהערט אים אָן, אויסער דער באַקאַנטקייט פון זיין נאָמען, צוליב אַזעלכע אורזאַכן וואָס זענען פון אַ פאַרנעם אויף דעם

*) זע עריקס דערמאָנט בוך.

ברייטן ראַנדן־שטח פון ליטעראַטור־וועזן. דערפאַר אפשר וועט די גאַנצע אַרבעט צו קיין פאָרמולאַטיוון שטעג, אַ קריטישן, נישט קומען ביז די פילאָלאָגן און וויסנשאַפטלער וועלן דעם ענין אַזוי אָדער אַנדערש, אָבער עפּעס אויף אַן אַרט, ברענגען צו יענעם קולטור־היסטאָרישן אויסגאַנג, וואָס איז ערשט דער אָנהייב פון קריטיש באַפעסטיקטן און קינסטלעריש־שאַפערישן איבערשאַץ.

פון דער „מעשה בריעה וזימרה" קריגן מיר ערשט דעם ריכטיקן טעם ווי צונויפגעוואַקסן די יענצייטיקע יידישע ליטעראַטור איז מיט דער אייראָפּעישער. און לויט באַזינטע ראיות איז די מעשה אפשר די אייציק־אָריגינעל יידישע. כאָטש איר שלעפּן זיך אויך נאָך פריערדיקע אייראָפּעישע וואָרצלען. און דאָך ווערן אפילו די העברעישע מקורים געפּסולט פון די אונטערזוכער. כדאי צו געדענקען, אָפּשטעלנדיק זיך אויף דער פאָרגעלאָפענער צייט, אַז אין דייטשער ליטעראַטור געפינען זיך צווישן „הילדערבראַנדס ליד" (וואָס גייט צוריק אין פאַרצייטן צום ניט־אויסגע־פאָרשטן ניינטן י"ה) און ניבעלונגליד, בלויז אייניקע רעליגיעזע לידער ווי, למשל, „העליאנד" אין פלאַטדייטש, און אַ „עוואַנגעליענבוך" אין הויכ־דייטש. איטאַליע לייכט־אויף מיט דער וווּנדערלעכער שיין פון פּראָוואַנס־טרובאַדורן און די באַרימטע טאָסקאַנער, זשיטאָנע פון אַרעצאָ און די טאָדי — מיסטיקער און בדחן... און באַלד גייט־אויף די זון פון דאַנטע, פּעטראַרקאַ און באָקאַטשיאָ. שפּאַניע קומט מיט איר „סיד" נאָך אַ שטיקל צייט פון נאָכגעאַמטע פראַנצויזישע „שאַנסאָן דע זשעסט". די „ראָמאַנ־צעראָ" ווערט די נאַציאָנאַלע זאַמלונג פון ראָמאַנסן: אין ראָדריגעזס „ראָמאַנצעראָ" קריגן מיר שוין אַן אָנדייט אויף דער גרויסער נאַציאָנאַ־לער פּאָעמע. אויף אונדזער חלק פאַלן אויס די איבערגעזונגענע נביאים־לידער, מאָראַל־לידער, קלאָג־ פּורים־ כלה־לידער, מגילות, „בן המלך והנזיר", „מעשה בריעה וזימרה". עס איז אַפילו ניט אין פּלאַץ צו פאַר־גלייכן שוין די בלויזע לענג און די אָנהאַלטערישע שטייגערונג פון די ווערק אין אַנדערע לשונות לגבי אונדזער (איך רייד פון יידיש אויסשליס־לעך) ליטעראַריש פאַרמעגן פון יענער צייט. שוין ניט צו רעדן פון דער געדאַנקלעכקייט און אויסגערונדקייט, שטריכן, וואָס אַ סך פון יענע און באַלד זיי נאָכפאָלגנדיקע ווערק האָבן שטופנווייז אַלץ מער און מער אין

היסטאָרישן לויף באַאײנפלוסט גאַנצע דורות פון דער אײראָפּעיִשער ליטעראַטור *).

ערגעץ האָבן אונדזערע דיכטער פון יענע צײטן געמוזט, אויסער דעם אַרטור־ציקל און די ניבעלונגען, זיך אויך באַקענען מיט „שאַנסאָן ראָ־לאַן", „שאַנסאָן דע זשעסט" און ענלעכע. ווו איז אין אונדזער אַלטער פּאָעזיע דער צוק און ציטער פון געפּילפּול שאַטירטן אַדיעקטיוו, דער עפעקטיווער אויסדרוק וואָס זאָל צערטלען דעם אויער, דער סענסועלער נאָכגיב אין גאַנצן צויבער, פאָרזיכטיקער געמאָסטנקייט? דער שליסל צו דער לפנים ניט־געשיידטער פראַגע ליגט אפשר אין דעם, וואָס טשאָסערן, צו נעמען אײנעם אַ רעפּרעזענטאַטיוון, לעבט זיך אַזוי פײַן און אומבאַ־זאָרגט צו יענער צײט אַז ער קען זיך פאַרגינען צו שפּינען

„...אַ גלאָררײכע לעגענדע
וועגן גוטע פרויען, מײדלעך און ווײבער,
וואָס האָבן ניט אויפגעהערט צו ליבן ס׳גאַנצע לעבן."

אלחנן העלן, מיט דרײ הונדערט יאָר שפּעטער, האָט געמוזט זיך אָפּ־זאָגן פון עסטעטישן פאַרגעניגן וואָס אַזאַ לעגענדאַרע קאָנטעמפּלאַציע טראָגט מיט זיך, און איבערלעבנדיק דעם פּאָגראָם און גירוש פראַנקפורט, איז באַוויגן געווען צו טראַכטן בלויז וועגן שוץ קעגן די פּעטמילכס, און ווען

„עטליכי האָטן זיך גינומן אין אירן ווילן
ווײבר אונ׳ מײדליך אונ׳ יונגן
גאָטש דינשט צו ארפּילן."

(מגילת וינץ)

---

*) אגב, ניט לאַנג צוריק איז דערשינען אין ענגליש אַ איבערזעצונג און פאַרקירץ פון „איסלאַם און די געטלעכע קאָמעדיע", פון דעם שפּאַניער מיגועל אַזין. דער אויטאָר, אַ קאַטוילישער פּריסטער, איז פּראָפעסאָר פון אַראַביש אין מאַדרידער אוניווערסיטעט. זײַן ווערק איז אײנס פון די פאָרנעמסטע שטודיעס וועגן דאַנטע. די הויפּטבאַווײַזן זענען די אַראַבישע אײַנפלוסן אויף דעם באַרימטן איטאַליענישן דיכטער. אויב די אינטעלעקטועלע ליניע, אָדער די טאָמיסטישע, איז געווען פאַרטראָטן אין דאַנטען — און דאָס איז די מײנונג פון דער אַלגעמײ־נער קריטיק — ציט זי זיך איבער די אַלפּישע אָפּס־און־אויפס פון דער ליטעראַטור, אומאונטערבראָכן פון דאַן אָן ביז דער שפּעטסטער און לעצטער סענסאַציע פון דער הײַנטיקער ליטעראַטור, „יוליסעס", פון דזשײמס דזשאָיס.

II

**...סיידן... שטענדיק צו פֿאָדערן פֿאַראַנטוואָרט־**
**לעכקייט פֿאַר די באַוועגונגען פֿון אַ געפֿל.**
וואַלערי

אונדזער באַרעדעוודיקייט איבער און וועגן ליטעראַטור האָט זיך פֿאַרמערט אין די לעצטע יאָרן, אפֿשר ווי אַ רעאַקציע צו באַוווּסטזיניקער קלאָרקייט פֿון איר שמאָלשטאַנד ווי אַ סטימול. דער צויבער פֿון קעגנ־שטאַנד אַליין איז אומפֿאַרמיידלעך: דאָס פֿאַרנעמען זיך דערמיט, — סיי ווי אַ דירעקטער קאָנסומענט פֿון פּראָדוקט, ד״ה, לעזעריש, סיי ווי אַ באָאָ־באַכטער פֿון זיינע רוחניותדיקע ווירקונגען אין אַריינבערענגען אָרדענונג אין דעם תוהו־ובוהו פֿון קאָסמישן פּראָצעס, ד״ה, קריטיש, — ראַטעוועט פֿון יענער מאָנאָטאָנער סכעמע הנ׳ס־און־לאו׳ס, וואָס איז דער גדר פֿון דער פֿערזאָן פֿאַר וועמען קונסט אויף אַלע געביטן איז אַן אומבאַגריפֿענע זאַך, אַלץ נאָך, אַפֿילו ביי היינטיקן טאָג.

דער קורס פֿון לעבן האָט זיך אונטער אַלע אומשטענדן נישט גע־טוישט. זיינע ספּעציפֿישקייטן זענען אונטערוואָרפֿן אין אינדיווידועלן רעאַ־גירן יענע אָפּטוישנדיקע היסטאָרישע פּראָצעסן, וואָס האָבן מערסטנס צו טאָן מיט עפּאָכאַלע באַווירקנדיקע מאָראַל־לערעס, פֿאַרוואַנדלענדיק, אַזוי־נאָך, אימפּעראַטיוון אין רעלאַטיווע צייטווייליקע עטאָסן. צו ווענדן זיך אויף איין מאָמענט צוריק צו אַ פּריִערדיקן פּונקט, איז אַלץ נאָך נישט קיין באַשטימט פֿאַרענטפֿערטע פֿראַגע צי די האַמלעט־לעגענדע איז באַזירט אויף דעם נקמה־געפֿיל וואָס איז אַן עמינענטער מענטשלעכער שטריך, אָדער אויף דעם טראַגישן פּלאָנטער פֿון אַ ברודערס און אַ פֿרויס פֿאַרראַט, וואָס טראָגט אין זיך נויטיקערווייז דעם קערן פֿון אייגענעם פֿאַרדאַרב. און צו לאָזן זיך אָנרעגן פֿון אַ זאַך, וואָס איז טעמאַטיש נעענטער צו דער אייגענער הויט, איז מנחם מענדל אפֿשר אויך אַ מעשה פֿון מטושטשדיקע חלומות פֿון דערוואַק־סענע, נישט נויטווענדיקע ייִדישע, קינדער. דער פֿאַקט בלייבט, אַז ביידנס שיקזאַלן זענען גורם צעניששטונג. אי שלום עליכם, אי שעקספּיר — ווי עקספּאָנענטן פֿון שידנאַרטיקן קינסטלערישן פֿאַרנעם, אָבער פֿון אומצווייפֿל־האַפֿט־גראַנדיעזער, מחמת טראַגישער, אויפֿפֿאַסונג — האָבן נישט געקענט, אַפֿילו צוליב אילוזיע, אָדער צו פֿאַרזיסן, פֿאַרליישן דאָס לעבן, האַנדלען

אַנדערש ווי „דעא עקס מאַכינאַ“ מיט זייערע הויפּט־געשאַפענע העלדן, ווי זיי לאָזן זיך אויסלעבן אינעם פאַטאַלן קרייז פון יאוש און גרונט־גיין — אין דעם פאַל פון דענישן פרינץ; און האַרצברעכנדיקן דורכפאַל (כאָטש אויף אַ כאַראַקטעריסטישן יידישן אופן פון „גאָט וועט העלפן“) — ווי עס פאַסירט מיט אונדזער בערזן־שפּעקולאַנט.

אויב אָבער מיר זאָלן צוגעבן די אומפאַרמיידלעכקייט פון שעקספּיר־וואָר־האַמלעט און שלום עליכם־וואָר־מנחם מענדל (וואָר אין פּסיכאָלאָגישן זין פון לעבן פון איטלעכן ווערק באַזונדער, ווייל קיין אַנדער אָנקניפּ גילט נישט אויף ביידע ווערק אין פאַרגלייך פון איינעם צום אַנדערן), הייסט נאָך נישט אַז די ערנסטקייט און פאַרנעמקייט פון די צוויי שידנאַרטיקע שרייבער און זייערע ווערק שליסן איין דעם קינסטלערישן באַנעם פון די שרייבער און די קינסטלערישע אויפפאַסונג פון די ווערק. גראָד, ווי עס געשעט, טויכט מנחם מענדל אויף, ערטערווייז, מיט הויפּנס געשליפענע דימענטן, וואָס פאַרוואַנדלען זיך ווי און פליערישן אוממוט אין דעם העראָישן גאָט דורכפאַל פון גריכישער מיפאָלאָגיע. דעם עליזאַבעטישן דיכטערס אָפּטערע און געניאַלערע דערגרייכונגען איז אַפילו באַנאַל צו איבערחזרן.

איז דאָס אַלץ? אויב סאָפאָקל און עסכיל און עוריפּיד, מיט דעם פּלוטאַרך־ און ביבל־שליאַך, האָבן געדינט דעם שיינדל פון דער ענגלישער ליטעראַטור ווי אַ מוסטער פון לעבנס צו־גרונט־פירנדיקן פּראָצעס, איז שעקספּיר אין צוגאָב אויך געווען דעריענער, וואָס האָט, מיט דער צוגרייט־אַרבעט פון טשאָסער און עדמונד ספּענסער, געפירט די קינפּטיקע פּעריאָדן פון די פאַרגאַנגענע דריי הונדערט יאָר אויפן וועג צו אַריסטאָטלען און פלאַטאָן. פלאַטאָנס סאָקראַטישער שפּאָרעוודיקער דיאַלאָג און אַריסטאָטלס פּראָבלעמען אין עסטעטיק האָבן טיפער און טיפער געוואָרצלט אין דער ענגלישער ליטעראַטור, ביז זיי האָבן פאַרפונדעוועט אַ קולטור־אומגאַנג, וואָס האָט עקספּערימענטירט במשך פון דורות מיט כלערליי פאַרנונפט־יסודות אין די גרעניצן פון שפּראַך, דערפירט צו הויכע דערגרייכונגען אין קונסט. ווי אַנדערש, ווי אומאידענטיש זייער טענדענץ, — וואָלט די קאָנסטעלאַציע פון מאַרלאָו, בען דזשאַנסאָן, וועבסטער, וואָירסוואָירט, קאָלרידזש, בייראָן, קיטס, בראַונינג און סווינבורן, מעגלעך געווען? און אויף וואָס פאַראַ אַרט וואָלט זיך געלאָזט דענקען וועגן די מעטעאָרן מאַרוועל, קרעשאָו, דראַידן, פּריאָר, גרעי און ד״ר קראַבּ? אין אַנדערע ווערטער — טראָגנדיק אויף

זיך די מיסיע פון גרויסע אידעאַלן פאָרשטייערשאַפט, איז אָבער איטלעכער פון יענע לעבנגעבליבענע — און אָפּגעהיט לדורות אין שייער פון גייסטרייכן שניט — געווען אַ באַוווסטזיניקער פאַכמאַן אין דער קונסט פון שרייבן און אידייען־אויפפאַסונג; וואָס די אידייען זאָלן נישט האָבן געווען זייך, איז דאָס אָנגעקליידטע הייבעלע אַ מיסטיש־עקסטאַטישער, און געדאַנק־אַנט־ציקנדיקער צויבער.

אומקערנדיק זיך צוריק צום אייגענעם שאַץ־הויפן, טרעפן מיר זיך אָן אויף גאָר אַן אַנדער סיטואַציע (דערהויפּט ווען די ליטעראַטור מיט וועלכער מיר אַפּאָזירן, אָדער צו וועלכער מיר אָפּאָזירן, אונדזערע, איז אפשר די רייכ־סטע און פעקונדאַרסטע אין גאַנץ אייראָפּע). פון אונדזער האָבנגוטס איז פאַר אונדז מעגלעך זיך צו דערקונדיקן, אַז בלויז (צוויי אפשר, אָבער זי־כער) איינער פון אונדזערע קאָריפייען האָט דורך דער גאַנצער צייט פון אַ זעלבסטשטענדיקער יידישער ליטעראַטור געדענקט און געזען אין אַכט צו נעמען די קינסטלערישע זייט פון שרייבן.*) אָבער די לאַגע פון מענדעלעס פעריאָד איז געווען אַ סך אומגינסטיקער פאַר אַן אויסגעשפּראָכענעם צו־גרייט און פאַרדיי פון ריין־קינסטלערישע שיקלעכקייטן אויפן שרייבערישן געביט. דאָס יידישע פעלד איז געווען, פאַר אַלעמען, פסולותדיק אין וועלט־לעכן צוגאַנג און באַנעם פון זאַכן, אַדאַנק דעם געדיכטן געמויזעכץ פון דעם פאַראַלגעמיינערטן יידישן ישוב, צי אין, אָדער אויסערן, תחום, ווען נעמען טונעיאַדעוועקע און גלופּסק און גנילאָפּיאַטעוועקע האָבן פונקט אַזוי דזשאַן באָניאַן־מעסיק געדינט ווי די שפּעטערדיקע באַצייכענונגען שניפּי־שאָק און יעהופּעץ. (אויב עמיצער זאָל אויסזעצן קעגן דער „פּילגרים פּראָ־גרעס״־באַצייכענונג פאַר נישט צוועקמעסיק אין דעם פאַל, גלוסט זיך באַ־זונדערס אונטערצושטרייכן, אַז דאָס אידענטיפיצירן מענטשן און עפּאָכעס און ישובים מיט זייערע אויסגעשפּראָכן־פאַרצווייגטע כאַראַקטעריסטיקעס האָט די יידישע ליטעראַטור פון 19טן יאָרהונדערט איבערגענומען פון אירע לאַנד־ליטעראַטורן, און אַז מענדעלעס, ווי אויך שלום עליכמס, באַצייכע־נונגען זענען אונטער די אומשטענדן סימולירטע רוסישע אייגנשאַפטן, אי־בערגענומען פון מערב־איירָאָפּעישע ליטעראַטורן).

---

*) אפשר איז עפּעס פאַראַן אין דעם וואָס דער שרייבער האָט אויף זיין קאָנטאָ־בוך אין יענער צייט אויך געטראָגן אַ געוויסע, און אַפילו גאַנץ אויסגע־שפּראָכענע, שותפות מיט דער העברעישער ליטעראַטור.

מעגלעך, אַז דער גייסט פֿון אַ ליטעראַטור באַדאַרף זיין געהעריק
אויסשליסלעך דער וואָס מאַניפֿעסטירט זיך אומקאָנדיציאָנעל, פֿאַטאַל,
ווילקירלעך. עס איז דער לייכטסטער אופֿן באַרעכטיקונג. אינטערעסאַנט,
אָלנפֿאַלס, איז נישט דאָס וואָס איז, ווי אויך נישט דאָס וואָס באַדאַרף
זיין לויט אַן אינדיווידואירטער מיינונג. וואָס עס שטייט יאָ אין קאָן,
ריידנדיק וועגן און איבער דער מאָזאַיִק פֿון אונדזער ליטעראַטור, איז
דאָס, וואָס איר וועג איז אינגאַנצן אַן אומקינסטלערישער, אָדער אַפֿילו צו
נעמען מיט אַ טראָפּ נידעריקער, אַן אומליטעראַרישער. זאָל עס זיין די
סיבה, וואָס ווי שנעל אַן אָפּהאַנדלונג וויקלט אָפּ אַ טוץ שורות פֿון ווער־
ווייסט וואָס פֿאַראַ סאָלידן פֿאַרנעם — וואָס פֿאַר אַ שלאַבעריקן — זעט
זיך דער גאַנצער פֿאָרגרונט ווי הינטערגרונט צו זיין אויסגעשפּונען פֿון
פּילפּאַכע פּראָבלעמען, אָבער באין־אופֿן נישט פֿון ליטעראַרישע? צו וואַרפֿן
דעם פֿאַרדאַכט, אַז דאָס איז אונדזער נייער פּראָדוקט בלויז, אַז אין די
קאָנטראָווערזן פֿון פּרץ, פֿרישמאַן, שלום עליכם און אַנד. פֿון דער פֿריִער־
דיקער, ווי טייל מיינען, העראָישער, עפּאָכע, איז צו געפֿינען דאָס היפּוכ־
דיקע, צו אונדזער היינטיקער שאַנד — וואָלט ווידערשפּראָכן אַ היפּש ביסל
זייערע פֿאַרעפֿנטלעכטע (כאָטש נאָך אַלץ נישט אַלע) אַרטיקלען און בריוו־
אָפּוועקסלונגען. מיר, פֿון היינט, ווילן זיך שוין אַפֿילו נישט צורירן צו אַ
צוגאַנג אין שריפֿט — סיי ווי שרייבער, סיי ווי לעזער — סיידן עס זאָל
טראָגן די פֿיגוראַטיווע פּעטש־צייכנס און מעטאַפֿאָרישע אויספּליאַסק־
סימנים פֿון אַ קריג איבער... דער העגעמאָניע פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור,
אַדאַנק אונדזער באַדויערנסווערטן פֿיזיש־געאָגראַפֿישן צעטייל אין רוסישע,
פּוילישע און אַמעריקאַנישע צענטערן. אויב ס'האָט נאָך עפּעס געפֿעלט אינ־
גאַנצן צו פֿאַרנעפּלען די עיקרים אין אונדזער שרייבקונסט, אויב אונדזער
פֿאַרוווּלגאַריזירטער רייס־ציפּ־פּליק מעטאָד איז נישט געווען „די לעצטע
שטרוי איבערצעברעכן דעם קעמלס רוקן", האָבן מיר זיך אומבאַמערקט
אַריינגעפּוטשעוועט לעצטנס אין אַזעלכע אומדיסקוטירבאַרע און אומלוי־
נענדיקע פֿאַר דעם ווילשטאַנד פֿון אונדזער ליטעראַטור פֿראַגעס ווי וואָס
דער „כמות" פֿון דער ליטעראַטור דאַרף זיין, פֿאַררוקנדיק די „איכות"־
פֿראַגעס אונטערן פּריפּעטשאָק פֿון קיין־פֿראַגע־נישט. און דאָס איז בלויז
דערפֿאַר ווייל צו פֿאַרנעמען זיך מיט דעם מיט וואָס מען פֿאַרנעמט זיך,
איז נאָכצופֿאָלגן דער ליניע פֿון קלענסטן ווידערשטאַנד, און אָפּצולאָזן פֿון

אויג דאָס מיט וועלכן מען פֿאַרנעמט זיך נישט, איז אַוועקגיין פֿון גלידערן, ראָיִען זיך, זוכן, פֿאָרשן, און זיך אַליין קלאָר מאַכן איידער די רייפֿקייט פּאַר אַ מעגלעכער, אויב אַפֿילו איינזייטיקער, אינטערפּרעטאַציע ווערט דער־גרייכט.

דאָס איז אַלץ מכּוח דער „קריטישער" זייט פֿון אונדזער ליטעראַטור, און דערצו וועלן מיר זיך שפּעטער צוריקקערן. אָבער בנוגע דער שאַפֿערי־שער זייט, און אין דער פּראָזע, אפֿשר דער עיקר — ווייל פּאָעזיע איז סוף־כּל־סוף אַ ריין אַנאַרכיש כּלי־זיין — מוזן מיר ערגעץ־ווו געפֿינען אַ שטיצפּונקט פֿאַר דעם ווייטערדיקן קינסטלערישן ווילזיין פֿון אונדזער לי־טעראַטור. צו געפֿינען אַ געגנזונג, צו קומען צו אַ פֿאָרמולאַציון שטעג פֿון וואַנען אַלערליי אומפֿאָרמעלע אָנהייבן זאָלן אויסגעפֿאָרשט ווערן, כּדי צו עפֿענען דעם וועג פֿאַר דער געזונטער צוקונפֿט פֿון ליטעראַטור־מעג־לעכקייטן, מוזן מיר זיך ווענדן, נאָך אַ סדר, אַן אופֿן, צו אונדזערע דריי. זיי האָבן צעאַקערט, מעג מען זאָגן, אַ פֿעלד פֿון איין־בליק־צונויפֿגעהעפֿטן האַלבהונדערט־יעריקן פּעריאָד. אויף מענדעלעס גליק איז אויסגעפֿאַלן דאָס מיזערנע, שמאָלע, די נעווידאַלשטשענע. שלום עליכמען איז שוין אויסגעקומען באַאָבאַכטן דעם ווינטשנסווערטן פֿאָרשריט אין פּראָצעס פֿון איבערגאַנג, דעם רמז פֿון איבערבראָך. ביידע האָבן געהאַט צו טאָן מיט יידישע מסחרים, יניקות און מיליע. פּרץ האָט „גענומען" דער לייטערונג־מאָמענט פֿון דער יענצייטיקער יידישער נשמה.

מענדעלע האָט געפּרײדיקט. שלום עליכם געלאַכט־און־געוויינט. פּרץ — געחזיונט.

אַרויסצוהייבן אַלע דריי אַרטן פֿון דער טענדענץ־פּלאַך און מאָדיפֿי־צירן פּריידיקונג מיט סאַטירע, הומאָר מיט כאַראַקטער, און וויזיע מיט אַלזערישער שיינקייט, און די בדרך־כּלל אָנגעוואָרפֿענע דריי סאָרטירונגען צעשפּליטערן אין מיניענדיקע פּונקען פֿון אַ קונסטהאַפֿטן גאַרנעט, איז נאָך אַלעמען אוממעגלעך און נישט ווינטשנסווערט — אויב מיר ריידן וועגן ליטעראַטור ווי אַ קונסט — סיידן דער, וואָס טרעט צו אין זיין שאַפֿערישער מי צו וואָס פֿאַראַ שרייבפֿאָרם, זאָל זיך באַהאַוונט אין דער פֿאָדערונג פֿון זיין פֿאָרם צו זיין מאַטעריאַל, זיין מאַטעריאַל צו זיין פֿאָרם. דאָס פֿלאָדיען סתּם ביכער, און ביכער וואָס איבערחזרן איינס ס׳אַנדערע און וועמעס אָריגינעלער אונטערשלאַק איז געוואָרן אַן אויסגעטשוכעטער

שאַבלאָן, טראָגט פונקט אַזויפיל ביי אין באַרייכערן די ליטעראַטור ווי ס'איז דער צוגעקומענער געווינס אין גראַמאַטיקאַלע כללים פון יענעם תלמיד, וואָס האָט אויפן לערערס נאָכפרעג אויף נאָך אַ זאַכוואָרט, נאָכדעם ווי דער לערער האָט אָנגעגעבן „טיש" ווי אַ זאַכוואָרט, געענטפערט: „נאָך אַ ,טיש'." בעת נאָך אַ „טיש" מעג זיך זיין אַ זאַכוואָרט, וויפל טישן אין דער וועלט זאָלן דאָס האָבן געווען, איז אָבער בלויז דאָס ערשטע ווערק — אָריגינעל אין אויפפאַסונג און ניי ווי פאָרם־אַנטפּלעקונג און מאַטעריאַל־ווונדער — קונסט. די ווערק וואָס פאָלגן נאָך, אַדאַנק דער מאָדע אָדער מאַטעריעלן דערפאָלג פון ערשטן עקזעמפּלאַר, ווייזן בלויז די אומקינסט־לערישקייט פון זייערע פאַרפאַסער, וואָס זענען, אַזוינאָך לאָגיש, נישט־קינסטלער.

דאָך שווימען מיר היינט אין אַ ים פון סימולירטע ווערק. און איט־לעכע סימולאַציע געפינט ערגעץ אַן אָפּקלאַנג פון געגנוספולן (?) יישר־כוח. אַזוינאָך בלייבט דעם לעזערס אויפנעם־קראַפט אומבאַווירקט — מחמת אין הינערפלעט אַדאַנק די טאָג־איין טאָג־אויסיקע נאָכאַמונגען — פון אַ זעלטן אָריגינעלן, פולקום־באַזיגטן קאָמענטאַר אויף דעם געביט פון אינהאַלט און פאָרם, וואָס איטלעך קונסטווערק, אין פּראָזע אָדער פּערזן, רעפּרעזענ־טירט מיט זיך. אַזוי אַפילו, צו ציטירן אַן אויסטערלישקייט, ווערט ערגעץ־ווו מענדעלע פאַרשריען אויסשליסלעך אויפן חשבון פון די איבעריקע צוויי, אָדער איינער פון די צוויי לרעה דעם דריילינג־רעשט. אַז ס'זאָל מעגלעך זיין די קאָמפּעלעמענטאַרישקייט פון איטלעכן פון זיי צו די איבע־ריקע פון זיי, לייגט זיך נישט אויפן שכל. און אַז קונסט איז אַן ענין פון אומאויפהערלעכער מענטשלעכער באַמיאונג צו געבן דער ביז־איצטיקער, אַלעמאָל באַגרענעצטער, שיינקייט, נאָך און נאָך נייערע, קרעפּטיקערע, באַזינטערע, אַלעמאָל ווינציקער פּאַראורטיילערישע און ברייטער באַגריי־פענע שיינקייטן, קאָן זיך קיינמאָל נישט פריי און פולשטענדיק מאַניפעסטירן אין אַ ליטעראַטור, ווו דור נאָך דור קעמפט נישט איבער מעגלעכקייטן פון קונסט־פּראָבלעמען, נאָר וועגן זאַכן וואָס קרייצן, איבערפאַלבן זיך פיזיש מיט דעם פערפעטועלן וווקס פון ליטעראַטור ווי אַ קונסט, און האָבן מיט דעם פאַקטקונסט אַזויפיל צו טאָן ווי די פראַגע פון ווער עס האָט די העגע־מאָניע אין (איבער?) אונדזער ליטעראַטור: מאָסקווע, וואַרשע אָדער ניו יאָרק. די יענע, ווען די קונסט ממש גייט אָן, וועלן די העגעמאָניע

לייכט אָפּטרעטן יעדן איינעם ווען עס פּלאָגט העגעמאָניע און נישט די קונסט אין איר עיקרדיקן עצם.

און דאָ וועלן מיר זיך צוריקקערן צום פריִער־באַרירטן ענין. עס איז לייכט צו דרינגען, און אפשר ווייזן די טייטלעך, וואָס זענען דעפיניטיוו געוויגט נאָך יעדער אָרנטלעכער אָבער אויבערפלעכלעכער אויספאָרשונג, אַז דאָס ציללאָזע בראָדיען פון גרעסטן טייל פון אונדזער קעגנוואַרטיקער ליטעראַטור איז פאַרוואָרצלט אַזוי אומאָפּפרעגעריש נאָר אַדאַנק דער אָפּוועזנהייט פון דעם אָנגענומענעם וואָג־און־מאָס קאָרעקטיוו אויף דער קונסט — קריטיק. אונדזער קריטיק, אמת, איז קיינמאָל נישט געווען אויף אַ הויכער קולטורעלער מדרגה — דערויף וועלן זיך מער אייניקן ווי אויף דעם איבערגענגלעכן פאַקט אַז אונדזער ליטעראַטור איז אַ גאָר מעסיקקינסטלערישע. דער געקליבענער רעגיסטער האָט געפרוווט קומען ביי אונדז צום קריטישן וואָרט מיט שמאָלן קולטורעלן צוגרייט, און רעאַגירט אויף קונסט מיט עטישע אידעאָלאָגיע. יענע וואָס טרעטן נישט אַריין אין דער קלאַסיפיצירונג, זענען ממש ציטונגס־העגנט. אַזוי אַז אפשר איז די באַהויפּטונג וועגן דער קריטיק מער־ווייניקער ריכטיק. אָבער די פאָדערונג, וואָס ווערט דער קריטיק געשטעלט איז, פון אַ רייפן קונסט־שטאַנדפונקט, אַן אומגערעכטע.

איטלעכע ליטעראַטור פאַרמאָגט די קריטיק וואָס זי פאַרדינט. גרויסע שאַפונג, וואָס איר געוועב באַשטייט פון די צווישנגעפלאָכטענע פעדעם רעפּרעזענטירנדיק גייסטיקע, מאָראַלישע ווי פיזישע מעלות און חסרונות, איז אויך גורם דעם קוואַליטאַטיוון פונקציאָנער — „געשמאַק" — אַרויסצוברענגען קריטיקער פון דעם זשאַנר, וואָס איז באַקאָנט יעדער לעזערשאַפט פון דער דייטשער, ענגלישער און פראַנצויזישער ליטעראַטורן. דער קרומער בליק, אַז אין אַ צייט פון אָפּגעשוואַכטער שאַפערישער ליטעראַטור איז באַזונדערס אַ גערעטעניש אויף קריטיק האָט פאַרבלענדט די אויגן פון מער ווי איין גרופּע לעזער, וואָס וואָלטן צוזאַמענגענומען געקאָנט אויסאיבן אַזויפיל איינפלוס אויף פאַרבעסערן און פאַראינטענסיווירן געשמאַק. במילא האָט געמוזט נאָכפאָלגן דער צעפאַל און די רויִנע פון די געציילטע עטלעכע קונסטווערטן וואָס זענען קוים מיט צרות געלונגען אַ פּאָר עקשנותדיקע קינסטלער צו פאַרזייען. אונדזער ליטעראַטור דערהויפּט געפינט זיך אין דער טרויעריקער לאַגע פון נישט פאַרמאָגן היפּשע עטלעכע

שאַפונגען פון ערשטן ראַנג, און דערפאַר איז איר קריטיק אין דעם צו־שטאַנד אין וועלכן זי געפינט זיך. איבערפלעכלעך פאַרנעמט מען זיך אַפילו אין אונדזער ליטעראַטור היינט מער מיט קריטיק ווי נישט לאַנג צוריק. עס זענען שוין אפשר פאַראַן יחידים, וועמען עס איז פונקט אַזוי וויכטיק אויסצופרווון זייערע כוחות אויף דעם געביט, ווי עס איז ערשט געווען בלויז אין פאַרמעסטן זיך מיט אַ ליד אָדער מיט אַ שטיק שיינער פּראָזע. פון ווערטן, אָבער פון דעם קילן אַנאַליטישן איבערבליק, אָדער סינטעטישן פאַרבינד איז אָפּגערעדט. נישט ווינציק צייט וועט נאָך נעמען ביז דאָס וועט כלל זיין מעגלעך. די ערשטע, — דעם ערשטן וועמען אַזאַ זאַך זאָל געלונגען, נישט דורכויס, בלויז טיילווייז, איז קוים אָנצווזען אויפן ליטעראַרישן האָריזאָנט.

זיכער וואָלט נישט מעגלעך געווען פאַר קיין שום ליטעראַטור, אויפן שטאַפּל פון אונדזערער, אַזאַ נס צו באַווייזן. שפּרינגען שטיגן, אַריבער־שפּרינגען עטאַפּן אויף דעם שאַפערישן געביט איז נישט אויסנאַמלעך קיין ליטעראַטור. כאָטש איך טייל נישט דעם ענטוזיאַזם פון אומקלויבערישער באַגייסטערונג, וואָס צאַפּלט זיך אין יענע הערצער מיט דעם אויסרוף, מיט דער באַשטימונג אַז „מיר האָבן זיך נישט וואָס צו שעמען מיט אונדזערן קעגן אַנדערע״, אויב דאָס זאָל באַטייטן אַז מיר האָבן באַוויזן אויפן ליטע־ראַרישן געביט צו שטייגן ביז דער שאַפערישער מדרגה פון די „אַנדערע״ — איז פון „שעמען זיך״, אָדער „נישט שעמען זיך״ אין אַלגעמיין נישטאָ מיט וואָס זיך צו באַרימען. וואָס מיר מיינען מיר זענען, גרויס צי קליין, באַשטימען מיר נאָך אַ געהעריקן צעגלידערט און נישט „אָבל וחפוי ראש״ אין גייסט. מיר זענען קינסטלעריש דער דערגרייך פון אונדזער היסטאָ־ריש־קולטורעלן מצב. נישט מיר אַליין האָבן פאַרוואָס זיך, נישט אַנדערע קאָנען אונדז, דערמיט די אויגן שטעכן. אָבער אונטערוואַרפנדיק זיך דעם אורטייל פון געשמאַק, פון קולטורעלן באַנעם בנוגע אונדזער ליטעראַרישן דערגרייך מאַכן מיר ערשט פריי פאַר זיך דעם וועג צו אַ ווייטערן עטאַפּ, דעם וועג וואָס איז אַזוינאָך אָפּגעראַמט און אויסגעקערט פון פּסולתדיקן באַנעם. אונדזער גאַנג איז באַפרייט פון דערנער און ווילדגעוויקס, וואָס פאַרשטעלט אַלע שטראָזן איבער וועלכע די יידישע ליטעראַטור אין דער צוקונפט וועט זיך לאָזן נאָך שאַפערישע ווערטן, און פּאַראַלעל, אַזוי ווייט ווי מעגלעך, נאָך פולשטענדיקער און במילא אויך שאַפערישער קריטיק.

די קריטיק פון דעם מין איז נישט גאָר אַזוי אָפט ס׳פאַרמאָג פון די עלטערע און רייכערע, פאַרצווייגטערע ליטעראַטורן. אַפילו איידער די רעצענזיע איז אויפגעקומען אַזוי פאָרמעל ווי זי איז היינט, איז דער דראַנג פון דער אַלגעמיינער קריטיק פון פריִערדיקער צייט געווען מער שנעללויף איבערן מהות פון קינסטלערישן ווערק ווי קריטיק. די קריטיק האָט אויף אירע עטאַפּן דורכגעמאַכט אַלערליי צוגאַנגען. איצט איז עס געווען דאָס אומבאַשטימט מענטשלעכע. דאַן, דאָס אומבאַשטימט סאָציאַלע. ראַסאָווע, מיליע, און ענלעכע ווערטן זענען, צייט־אויס צייט־איין, געווען די באַשטימונגען פון דער קריטישער מבינות אויף דעם מהות פון ווערק. מיר זענען ענדלעך ביי דער שוועל פון קלאַסן־ווערטן. פאַרשטייט זיך אַז דעם קונסטווערקס מהות איז אַזוינאָך שטאַרק פאַרשמעלערט געוואָרן. די ערשטע, וואָס האָבן זיך אַרומגעזען אויף דעם נישט־אויסשעפּנדיקן און באמת קריפּלדיקן קריטישן מאַסשטאַב, זענען געווען די ליטעראַרישע קריטיקער, ליטעראַרישע אין זין פון זוכן בלויז דאָס שיינע. דער אַבסטראַקטער באַגריף פון שיינקייט האָט זיך געראַטעוועט דערמיט וואָס ער האָט שטענדיק זיך באַוויזן אין אַ פּיליגראַן: יעדער קריטיקער האָט געהאַט זיין מאָס און בליק אויף שיינקייט. אָפטמאָל איז די רוחניותדיקייט פון דעם באַגריף מאָדיפּיצירט געוואָרן פון דעם קריטיקערס פּערזענלעכן אָנגעהער צו יענע קריטישע מאָדוסן, ווי מענטשלעך, סאָציאַל, ראַסאָווע און אומגעבלעך. אָבער פּאַמעלעך און צוביסלעך איז דאָך פאַרשטייפּט און טרעניִרט געוואָרן דער קוק אויף אַ קונסטווערק און וואָס אַמאָל איז אין דער „לייטישער" קריטיק אַליין מער און מער אַריינגעוועבט געוואָרן דער אייפער נאָך „ליטעראַרישע" אָדער קולטור־ווערטן.

קריטיק האָט אָפטמאָל געוווּנען פון צעניִשטשעטע קונסט־פאַרזוכער. צו נעמען אַ שיינדל פאַר אַ משל. סען־בעוו איז פאַר אַלעמען געווען דערייענער, וועמען עס האָט נישט געגאָלטן צו ווערן אַ קינסטלער. זיינע פּרווון אין דער שיינער ליטעראַטור האָבן אים, דעם שפּעטערדיקן קריטיקער, נישט צופרידנגעשטעלט. דאָס אַליין האָט אים באַוויזן אַז ער פאַרמאָגט געשמאַק גענוג זיך צו פאַרנעמען מיט וועגן און מעסטן לויט דער „וואָג" און „מאָס" פון זיין צייט. (די פילפאַכע קאָנטשאַפט מיט, געניטקייט אין, מבינות אויף ליטעראַטור האָט ער שטופּנווייז געקראָגן בעת ער האָט זיך כלל געהאַלטן אין באַקענען מיט ליטעראַטור ווי אַ לעזער, שטודירער און

באַאָבאַכטער). און פונקט ווי אַ קריטיקער פון אַן אַנדער ליטעראַטור, פון אַן אַנדער פאַרנעם, האָט געקאָנט, אין צוגאַנג צו אַ דיכטער, אונדז געבן פאַרזעענערהייט נישט דעם מהות פון דער דיכטונג, נאָר דעם דיכטערס לעבן (מעטיו אַרנאָלד וועגן שעלי), אַזוי זענען סען־בעוו בענד אָנגעפּיקע־וועט מיט אינפאָרמאַציע וואָס דאַרף גילטן ווי קריטיק, איז עס פּאָרט נישט קריטיק. ער קויפט זיך, אָבער, אויס אין זיינע „שאַפערישע" מאָמענטן מיט גאַלערייע נאָך גאַלערייע קריטיק נאָך קריטיק. אָבער אַזוינס האָט גע־קאָנט געשען אין אַ וועלט־ליטעראַטור בשעתן פאַר־קונסט־שטרענג־צו־זיך פּעריאָד. רעמי דע גורמאָן איז שוין דעם פעלער נישט באַגאַנגען. אַליין איינער פון די באַגאַבטסטע, ליכטיקסטע, קולטורעלסטע, דערהויפּט קינסט־לערישסטע פערזענלעכקייטן, האָט ער אונדז איבערגעלאָזט נישט נאָר קריטיק וואָס איז שאַפעריש, נאָר אויך קונסטווערק וואָס זענען קריטיק און נישט ווינציקער וויכטיק. אַזוי איז אין פראַנקרייך, למשל, אויסגעוואַקסן אַ גאַנצער דור קינסטלער, וואָס קאָן נישט מאָראַליש וואַרפן זיינע פעלערן אויף דער אָפּוועזנהייט פון אַ דורכגעקנאָטענער און צעצווייגטער קריטי־שער אַמעליאָראַציע. דאָס איז אפשר דער איינציקער אויסוועג פאַר דער שרייבקונסט אין אַלע שפּראַכן כדי צו טראָגן דעם גרויסן גענוס פון דער־פּאָלג, ווי אויך די אומפאַרמיידלעכע ביטערע דערפאַרונג פון דורכפאַל: דער קינסטלער אַליין זאָל זיך דערהייבן צו דער מדרגה פון קריטיקער.

מיט אַזעלכע צוויי קריטיקער ווי פּאָול וואַלערי און ראַמאָן פּער־נאַנדעז טרעטן פּראָמינענט אַרויס די מאָטיוון אין קריטיק. כאָטש זיי האָבן די מאָטיוון נישט געפּאָטערט, האָבן אָבער די קריטיקער אַוועקגעשטעלט די מאָטיוון אויף אַ פולקומערן מאָדערנעם באָדן ווי אַלע פאָרלויפער זייערע אין דער וויסנשאַפטלעכער און פילאָסאָפישער קריטיק. זיי זענען זיך סומך אויף דער האָפענונג, אַז די צוקונפט אין אונדזער קולטורעלן פּראָגרעס הענגט אָפּ פון דעם באַוווסטזיניקן ראַפינירן דעם געדאַנק, אַז דער גייסט, די נשמה, מוז דירעקטירט און געאיבט ווערן פון דעם מוח, און אַז דער מוח מוז באַשטרעבן אַ באַוווסטזיניקן אינטעלעקטואַליזם וואָס איז שטענדיק „איין טראָט ווייטער", מוז ווערן אַ מיילשטיין מיט וועלכן מיר זאָלן מעסטן אַלע קולטורעלע ווערטן, און צום געהיטסטן — אין דער קריטיק, אין צוגאַנג צו אַ קונסטווערק.

וואָס דעם לעזער שרעקט אָפּ אין פילאָסאָפישן צוגאַנג איז דאָס, וואָס

זיין פאַרגעניגן, בלויז ווי אַ לעזער אין אַ פּאָר פרייע אָפּטריניקע שעה, ווערט פאַרבלאָסט ,ווען ער באַטראַכט אַז די אומצייליקע אימפּליקאַציעס פון קונסטווערק, וואָס ער לייענט, זענען פון אים, ווי אַ פּשוטן פאַרגעניגנפולן לעזער, פאַרהילט. האַלטן קאָפּ אויף אַלע מעגלעכע וואַריאַציעס פון גייסט־רייכע אידייען, מיט וועלכע ער איז בלויז צייטונגסמעסיק באַקאַנט; אויס־שעפּן אַלע תענוגים פון ספּעקולאַטיווע סאָפיעס פון וועלכע ער האָט בלויז אַן אויבנויפיקע אַנונג; אָנזאַפּן זיינע חושים מיטן ספּעקטרום און קאָנטראַ־פּונקט פון קינסטלערישע פאַנטאַסטישע קאָלירן און טענער ווען די חושים זענען אַלף־בית־גימלדיק אין באַנעם; צעשמעלצן אין זיין געמיט דעם וואַריאַריום פון ווערסאַטילע איבערלעבונגען זיך צ׳ענדיק צו איין הויכ־פּונקט ווען ער קען בלויז אויפכאַפּן איין זייט, איין טעם אויף איינמאָל — דאָס זענען די אורזאַכן וואָס לאָזן דעם לעזער שטענדיק שטעקן העט הינטן, און ברענגען אים קיינמאָל נישט נעענטער צום גרויסן קינסטלער, צי ער איז דאָס לעצטע וואָרט פון היינט, צי פון צווייטויזנט יאָר צוריק. ווייל „די פילאָסאָפישע סובסטרוקטור פון אַ ווערק איז דער געזאַמל פון אידייען וואָס, אָרגאַניזירט דורך אַ היפּאָטעזע, שאַפט אַ דערקלער פון די דערהויפּטלעכע כאַראַקטערן פון אַ ווערק מיט דעם פאַרשייכותן זיי צו די פּראָבלעמען פון אַלגעמיינער פילאָסאָפיע, וואָס איז אימפּליצירט דורך זיי״. דאָס איז פערנאַנדעזס שטעלונג לגבי יענע קריטיקער, וואָס דערנענען זיך צו אַ קונסטווערק אין רוטינישן גייסט. די לעצטע זעען דאָס, וואָס קיינער קאָן נישט פאַרפעלן צו זען, און זיי דערציילן דערפון. אַסאָציאירנדיק און אָריענטירנדיק דאָס ווערק אין באַוועגונגען און קלאַסיפיקאַציעס, טוען זיי אַ גאַנץ ניצלעכע אַרבעט, ווייל זיי וואַרפן עפּעס אַ שיין אויף דער ליטעראַטור, אָבער זיי איגנאָרירן די אימפּליקאַציעס פון לעבן אין ווערק.

איין זאַך וואָס מען טאָר נישט אָפּלאָזן אויף אַן אויגנבליק פון באַוווּסטזיין איז אַז איטלעכע טעאָריע אין קריטיק איז ווערטלאָז ווען זי ווערט אַוועק־געשטעלט אַזוי אַז מען קען זי נישט רירן פון אָרט. אין וואָס מיר זענען פאַראינטערעסירט איז נאָכגלידערן, נאָכזוכן. דעם אַרויסגעטראָגענעם פּסק פון דעם צי יענעם קריטיקער מעג זיך יעדער נעמען ווי ער וויל, און די שאַנסן זענען אַז יעדער בלאַטער נעמער האָט זיין אייגענעם באַגריף נישט באַרייכערט. קריטיק איז פאַרכאַפּנדיק דעמאָלט, ווען זי וואַרפט אַ בייעם שיין אויף אַ פאַרהילטער זייט פון אַ ווערק ווי אַ בליצלאָמפּ באַלייכט אַ

פינצטער ווינקל. די קריטיק פון דעם מין איז שטענדיק ספעקולאַטיוו. זי שטייט נאָענט צום שאַפערישן קונסטווערק דערמיט וואָס זי איז אַליין אַ שטיק קונסט, אַ קונץ, אַ גייסטרייכער שפּיצל באַווייזנדיק אַן אומבאַקאַנ־טע איבונג, פעיקייט פון מוסקול און פון מאַרך. צו אַזאַ בליק וועגן קונסט קומט אַפילו אַ קריטיקער, אַליין אַ פּאָעט פון הויכן ראַנג, און אַ מענטש, וואָס האָט אַזוי נישט געטרויט זיין אינטואיציע, דער קינסטלערישער, אַז ער האָט זיך פאַרבאַהאַלטן אויף צוואַנציק יאָר צו שטודירן די וויסנשאַפטן, כדי צו ברענגען דער קונסט און דער קריטיק אַ מער פּרעציזן, און אויסגערעכנטן סדר. „אין די לעצטע פערציק יאָר איז אַ ספק אַנטרונען פון מיין געדאַנק, די אוראַלטע אַמביציע, די ניכטערקייט פון פּראָפעסיאָנעלן דענקער וועט, פאַרשטייט זיך, קיינמאָל נישט אַריינגעמען אין זיך אַ טייל פון דעם לעבע־דיקן שטראָם, וואָס די קונסט שטעלט מיט זיך פאָר, ווען זי אַנטפּלעקט זיך אין אַ גרויס שאַפעריש ווערק. אָבער אַ קריטיקער, מיט דעם קנאַל און פייער פון קריטישן דונער און בליץ מוז, צוליב דעם צעצווייגטן תוכן וואָס ליגט אין יעדן קונסטווערק באַהאַלטן, זיין גרינטלעך באַהאַוונט מיט די פילאָסאָפישע יסודות אין יעדן געביט וואָס איז די אַקטיוויטעט, אויב נישט פון קאָסמאָס, איז כאָטש פון אונדזער ערדקוגל. וואָס גרינטלעכער זיין קאָנטשאַפּט, אַלץ גרינטלעכער אינטערעסאַנט זיינע ספעקולאַציעס". דער קריטיקער באַגרייפט אויך אַז ער דינט וויניק זיין ליטעראַטור, ווען זי איבערצייגט אים נישט. „ליטעראַטור... האָט מיך אָפט דערשטוינט מיט דעם אָפּוועזן אין איר פון דיסציפּלין, פאַרבינד, און נויטווענד אין באַהאַנד־לען אידייען... פראַנצויזישע פּאָעזיע פאַרזעט, אָדער האָט מורא פאַר אַלע טראַגעדיעס און עפּאָסן פון אינטעלעקט. די געציילטע מאָל ווען זי פאַר־בלאָנדזשעט אויף דער טעריטאָריע, ווערט זי טרויעריק און טעמפּ אָן אַן עק. נישט לוקרעצי, נישט דאַנטע זענען געווען פראַנצויזן. מיר האָבן נישט קיין פּאָעטן פון אינטעלעקט... די זאַכן, וואָס קענען עקסיסטירן אָן געזאַנג, קענען מיר נישט אָנקליידן אַ זינגנדיק לבוש. אָבער אונדזער פּאָעזיע, במשך די לעצטע הונדערט יאָר, האָט באַוויזן אַזאַ זעלטענע קראַפט פון באַנייאונג, אַז אפשר וועט די צוקונפט נישט פאַרבלייבן אין אומגעאייל איר באַשערן טייל ווערק וואָס זענען גרויס אין זייער סטיל, נאָבל אין זייער ניכטערקייט, און דאָמינירןביידע, די חושים און דעם אינטעלעקט".

ביי אונדז צו קומען מיט אַזאַ אָנוואַרף איז, דעסטרוקטיוו גערעדט,

לעכערלעך, און ערנסט גערעדט — פּריצייטיק. צו הייסן אָדער עצהן דער קאַלטער לבנה אָפּטרעטן דער זון איר פּלאַץ פון אַ ביינאַכטיקן טונקל ווייזט אפשר אַ נישקשהדיק פאַרשטענדעניש פאַר די קורירינדיקע זונ־שטראַלן, לגבי דער אומהיימלעכקייט פון חושך. אָבער די נאַטורגעזעצן צעמאָלן אונדז לעת־עתה אין דריבנע זשמענקעס לויט זייער העכערער און ווירקזאַמער (כאָטש לויט אונדזער שכל, גרויזאַמער) נאַטור־פאַרנונפט.

דאָס מערקווירדיקע אין גאַנצן ענין איז דאָס, וואָס בלויז צו באַגריפן דעם צושטאַנד, אָן עפּעס צו טאָן, וואָלט גענוגט דערווייל. דער יונגער קינסטלער וואָס גרייט זיך צו דינען דער קונסט, אָדער זי באַהערשן, זאָל נעמען ערנסט דעם ענין שטודירן — נאָך בעסער. ווען מיר וועלן איבער־היפּן עטלעכע שטאַפּלען פון דעם קינסטלערס אָנווענדן זיינע בעסטע כוחות אין צוגאַנג צו דער אַרבעט, וועלן מיר דערגרייכן די סטאַדיע ווו דורכפאַל לויערט אין אַן אומגעהייער גרויסער פּראָפּאָרץ צו די מעגלעך־דערגרייכטע דערפּאָלגן. אַזוינאָך, אָבער, וועט דערפאָלג מוזן פאַרשריבן ווערן נישט אויפן חשבון פון אינדיווידועלן קינסטלער בלויז, נאָר אויך פאַרשטאַנען ווערן ווי אַ ביי־טראָג צום רעזולטאַט פון פריערדיקע דורות קונסט־זאַמלונגען פון פּרוּוון, עקספּערימענטן, און פון דויערהאַפטיקן מאַטעריאַל. דער דורכגעפאַלענער קינסטלער וועט האָבן דאָס פאַרגעניגן זיך צו פרייען מיט אַ ניי קונסטווערק צו וועלכן ער האָט בלויז בייגעטראָגן אין דראַנג.

1929

# עטלעכע ווערטער וועגן טראַגעדיע

## אַלע זאַכן זענען איינפאַך

אויב זאַכן זענען אויס צו זיין עקסטרעם (קאָמפּליצירט) און זענען אַזוינאַך סותר די באַהויפּטונג, איז אַן צווייפל אַז אַלץ, — וואָס איז לויט דער לאָגיק פון נאַטור־כוחות קאָנסטרויִרט אין אומרעגלמעסיקע קאָמבי־נירטע מוסטערן, גורם־זייענדיק דער סיטואַציע אָנצונעמען אַן עקסטרעמע טענדענץ, — שיינט צו זיין איינפאַך אין די אויגן פון יענע וואָס זענען דערצויגן אין די אומבאַרמהערציקע שטייגערונגען פון די נאַטור־כוחות אין זייער מאַניפעסטירן זיך.

פּאָלגלעך:

אַלע עקסטרעמע (קאָמפּליצירטע) זאַכן זענען איינפאַך.

אויב מיר נעמען אַן איינפאַכקייט ווי אַן אויפפאַסונג וואָס אימפּאָנירט קלאָר דעם זין פון באַגריף, אַז עס שטראָמט אַרויס אין אַ גלייכער ליניע פון יעדער פאָרגעלאָפענער געשעעניש, איז אויך מעגלעך צו מערקן, אַז אַלץ וואָס איז איינפאַך, אין אַ גלייכער ליניע און קלאָר, אָדער לאָגיש אין רעזולטאַט, — איז קיין אַנדער זאַך נישט ווי ביישטאַף געוועבט פון דעם אורצוג אין די נאַטור־כוחות, וואָס זענען שטענדיק אָפּהענגיק אין די שטייגערונגען פון געשעענישן אויף אַן אומדערוואַרטן און אַומלאָגישן אָרט.

דאָס הייסט:

אַלע איינפאַכע זאַכן זענען עקסטרעם (קאָמפּליצירט).

אונטערצוסומירן:

1. אַלע זאַכן זענען איינפאַך.
2. אַלע עקסטרעמע (קאָמפּליצירטע) זאַכן זענען איינפאַך.
3. אַלע איינפאַכע (וואָס לויפן אין אַ גלייכער ליניע פון שיינבאַרן אויסברייטן זיך) זאַכן זענען עקסטרעם (קאָמפּליצירט).

מיר שפּאַצירן איבער די גאַסן מיט אָפענע אויגן. מיר נעמען אויף אַלטעגלעכע פאָדערונגען מיט דער גענוגנדער וואַכזאַמקייט פון אונדזערע פינף חושים. פינף ווינציקסטנס זענען דערקענט און גענוי קלאַסיפיצירט ווי פאַקטאָרן פון און פאַר דעם מענטשן, פון און פאַר דעם לעבן. איטלעכס מאָל ווען די וואָג צווישן דעם פערזענלעכן און נייטראַלן פון אוניווערס פאַרלירט דאָס גלייכגעוויכט, ווערט דער מער אָפּגעשוואַכטער חוש אונטערזוכט כדי ווידערצושטעלן די אָרדענונג אין דער געשפּירטער דיסהאַרמאָניע. ווען אַלע, אָדער די מערצאָל חושים הערן אויף צו רעאַגירן, אַזוי אַז דאָס פּערזענלעכע איז נישט מער פּראָוואָצירט דורך דעם נייטראַלן אין אוניווערס, פּרובירט דעמאָלט דער פּאַרמיטלער, די פּסיכיק, צו ווענדן די גאַנצע ענערגיע פון פּערזענלעכן אויפן וועג פון אַ גרינטלעכער מפּלה.

דאָך איז צווייפלהאַפט צי ס׳איז פאַראַן נאָך אַ צושטאַנד אין לעבן, אַפילו פאַר דעם אויבערפלאַך געשעדיקטן פּערזענלעכן, וואָס מע זאָל קאָנען באַטראַכטן פאַר ניצלעכער. די נאַטור־כוחות פונקציאָנירן אויך אויף אַן אַנדער געביט, אויסער דעם ביאָלאָגיש־זאָאָלאָגישן לעבן, וואָס מאַניפעסטירט זיך דורך דעם געפּילפּולן. וואָלט מעגלעך געווען טיכטיק נאָכפאָלגן און אָפּשאַצן יעדן טראָט פון דער אונטערזוכונג מיט די אַנטפּלעקער פון דעם פּערזענלעכן און נייטראַלן אין אוניווערס, אין זייער קעגנזייטיקער צושטימונג ווי אין זייער פאַנאַנדערגאַנג, ד״ה, די ווערסאַטילע פאָרשטעלונגס־רייכע סברות אין דער וויסנשאַפט, וואָלט מען געקאָנט זען, אַז די פונקציע וואַקסט מערסטן אַרויס פון די קרייצליניעס אין דער באַשטימונג פון מענטשלעכן לעבן, ווי דאָס לעצטע איז שטענדיק געווען און פאַרבלייבט אַזוי לאַנג ווי עס קומט מיט ליידן און פאַרלאָזט דורך דיזעלבע און אפשר מער פיינלעכע ראַגאַטקעס.

עס איז אָבער פאַראַן אַן אונטערשייד אין דעם גראַד פון דער פונקציע,

און די מאַניפעסטאַציע פון איר קראַפט איז פּראָפּראַציאָנעל לויט אונדזער נעגאַטיוון רעאַגירן, וואָס רייכער, וואָס פולער עס איז צעאַקערט דער סכום פון אונדזערע איבערלעבענישן, וואָס שטאַרקער און טיפער די קווערשניטן און אויסקריצונגען אויף אונדזער פּסיכיק, אַלץ פיינער און אינטענסיווער איבט די פונקציע אויס איר איינפלוס אויף אונדז.

די פונקציע אין אונדזער לעבן איז טראַגעדיע.

אירע פעדעם, ווי געזאָגט, זענען אַריינגעפלאָכטן אין דעם ווייטיק פון געבורט. זיי ווערן אויס בלויז מיט דעם אויפהערן פון ווייטאָג: מיטן טויט. עס איז די איינציקע קראַפט, אַן אומפּאַרטייטשטע. איר אָנוועזנקייט שפּירט זיך נישט אין יענע, ווען די וויסנשאַפט פאַררעכנט פאַר אירע בעסטע „מוסטערן". איר דראַנג איז מערסטנטייל אַקטיוו דאָרט ווו געפילן זענען אַנטוויקלט צו אַ הויכער מדרגה פון ווידערשטאַנד (רעאַקציע): וואָס גרעסער דער ווידערשטאַנד, אַלץ העכער די מדרגה.

און כאָטש די פונקציע פון דעם טראַגעדיע־געפיל איז אָפּצושוואַכן די פערצעפּציע פון לעבן דורך איר אייגענער פאַרמיטלונג, הייבט זי דאָך אַזוינאָך די אַפּערצעפּציע פון דער פאַרמיטלונג צו אַזאַ הויכן גראַד, אַז דער איך (סעלף בלע"ז) געפינט זי דעמאָלט שטייענדיק אויף אַ באַרג, אַרומנעמענדיק מיט זיין אַל־קרייזנדיק געפיל דעם גאַנצן אוניווערס, ווי אַ זשמענקע פון אויסגעשטאַטע פיזישע מאַניפעסטאַציעס אין חומר־פונקטן, אָפּשאַצנדיק פאַר זיך אַליין די אַנגסטן פון דער פּסיכיק, וואָס האַלט אין איין זוכן אַ נייע אָרדענונג, אַן האַרמאָנישקייט צווישן דעם לעבן פון די געפילן און דעם נאָך־העכערן לעבן פון איר אייגענעם פונקציאָנירן.

ערגאָ:

די לעבנס־כוחות ווי קולמינירנדיקע שטאַפּלען פון „ווידערשטאַנד" (רעאַקציע) אין די פינף חושים זענען נאָך אַלץ נישט דאָס העכערע לעבן. דער נידעריקער, אָדער ערשטער גראַד עקסיסטענץ, איז אויף אַזויפיל בלויז ביאָלאָגיש־זאָאָלאָגיש (לגבי דער היסטאָרישער עקסיסטענץ פון „העכערן" טראַגישן מענטשן). דאַן פאָלגט די „ווידעראָרדענונג" פון די חושים, וואָס ווערן סטימולירט פון די אורזאַכלעכקייטן פון דעם פאָרגעלאָפענעם אַרט לעבן. דער ענדלעכער שטאַפּל, אויף אַזוי ווייט, פון „העכערן לעבן" דריקט זיך אויס אין דער פונקציע פון דעם אינערסטן אין אונדז, וואָס ווערט באַוויזן אויף אַ צענטריפוגאַלן און צענטריפּעטאַלן אָרט, דאָס לעבן

פון די חושים דינענדיק אַזוינאַך ווי זעלבסט־סטימולן צו זייער אייגענעם „ווידערשטאַנד" (רעאַקציע).

דאָס העכערע לעבן איז דער רעזולטאַט פון דער פונקציע פון טראַ־געדיע אין אונדז. „טראַגעדיע" איז די פּינקטלעכע באַצייכענונג פון דעם, אין קלאַסישן זין פון וואָרט (צו דעפינירן, נישט אָנצודייטן).

טראַגעדיע איז נישט נויטווענדיק די פונקציע פון אונטער־מולעוועז די שטאַנגען פון אונדזער עקסיסטענץ. די גערעריק אָוועקגעשטעלטע „טראַ־גישע ווערטן" האָבן אַפילו די געלעגנהייט צו דינען אונדז פאַר שטאַרקן דעם „עלאַן וויטאל", אָבער קיינער קאָן נישט זוכה זיין צו ווערן דער טרע־גער דערפון, סיי אין זין פון קונסט, סיי אין לעבן ממש, נישט האָבנדיק, פאַרוואָר, זיך איינגעלעבט, און דורכגעזאַפּט, מיט אירע ווענדונגען און זינען — רעגלען אויסגעקריצט מיט אַ פייערשפּיז אויף דעם פּאַרמעט פון דער פּסיכיק. קיין קונסט איז נישט טיפּזיניק אָן דעם פאַרשטענדעניש און דעם פאַרצווייגן, אָדער בעסער געזאָגט, אויסצווייגן דערפון. קיין איינצל לעבן איז נישט באַפרייט פון איר גיפט, סיידן עס טראָגט דעם פאַרלוסט פון פאַרפולקומונג פון דעם לעבנס אייגענער דערגענצלעכקייט.

אַזוינאַך:

איטלעך פולקום לעבן איז טראַגיש: אַ טראַגעדיע.

איטלעךווירקלעך קונסטווערק איז טראַגיש: אַ טראַגעדיע.

ביי־כלל:

טראַגעדיע איז די הויפּטפונקציע צווישן אַלע אַנדערע, דער איינ־ציקער געקרוינטער סימן פאַר אַלץ און אַלעמען, וואָס איז געבענטשט אָדער פאַרשאָלטן מיט דער האַרבסטער סובטילקייט פון לעבן.

אונטערצושטרייכן אַ זייער פאַרנאַכלעסיקטן פונקט:

טראַגעדיע איז נישט נויטווענדיק פּעסימיסטיש. עס איז, אין קונסט צום מערסטן, דער שטאַרקסטער סטימול צום לעבן. עס איז נישט פאַטאַל צו אָנערקענען אירע כוחות אַזוינאַך. עס איז די אייביקע אונטערשטרייכנ־דיקע דערמאָנונג פון דעם פאַקט, אַז דאָס לעבן איז וויט פון זיין דאָס פאַרוואָס מיר נעמען עס אָן. וויפל מיר זאָלן נישט שטרעבן צו ברענגען אין אָרדענונג די צעשאַקלטע אומשטענדן פון אונדזערע פּילזייטיקע לעבנס־פּעלערן, פּאָליטישע, עקאָנאָמישע אאז"וו, וועט אויף שטענדיק פאַרבלייבן די אומצופרידנקייט פון פּילן, אַז שיינקייט, די אַבסטראַקטירטע, געגעדירט

אַ באַגרענעצטע צאָל קינדער (זייער אָפּט קיינע!). אַלע אידעאַלן, געזען ווי זיי ווערן פון אונדז „אין פּראָזשעקטאָ" פאַרוואַנדלט אין פאַרקריפּלטע און צעקאַליעטשעטעווירקלעכקייטן ווען זיי גייען אַדורך דעם וואַרשטאַט פון מענטשלעכער אַקטיוויטעט.

אפשר צווישן די גרעסטע טראַגעדיעס, אָנערקענענדיק די באַגרע־נעצטקייט פון לעבן, איז די אוממעגלעכקייט פון אונדזער קאָנען ווען פאַר־וואַנדלט ווערן אין בלומען־בלעטלעך. און די אַזויפיל באַגרענעצטע פעי־קייט פון אונדזער צוגעבונדנקייט (אַפּעקשאָן). איינס גייט, מן הסתם, נישט אָן דעם צווייטן. ווען מען עס האָט זיך פאַרוואָלט צו ווערן אַ פּעטאַל (און ווער עס האָט ווען געפּילפּול דערזען אַ בלום האָט נישט געהאַט דעם דראַנג נאָך דעם מאָמענטאַנעם מעטאמאָרפאָז?) ווערט באַנג טאָן דער פאַקט, וואָס מאַטעריע האָט אַזוי מיסקאָנסטרויִרט דאָס געשעעניש פון זאַכן, ווי פאַר־אוממעגלעכן פאַר אונדז דאָס אַבסאָלוטע צונויפוואַקסן מיט דעם וואָס איז אונדז ליב און טייער. דאָס פליקן פון בלעטל און די ביאָלאָגישע פאָרם פון ליבע זענען בלויז צוויי מאַניפעסטאַציעס פון דעם פאַקט, אַז אין דעם העכסטן פונקט ווייזט זיך דאָס לעבן אַרויס צו זיין פאַררעטעריש צו זיינע געפּילפּולסטע קליענטן, קנעטנדיק זיי אַזויבאָך אין דעם פולקומען פורעם פון טראַגעדיע.

טראַגעדיע איז די מאַניפעסטאַציע פון לעבן אין העכסטן פונקט.

.1926

# לידער פון יוסף ראָלניק

די ייִדישע לידער־זאַמלונגען פון דעם פריִערדיקן דור זענען מער געווען טעסטאַמענטן ווי אַן אָפּקלייב פון אַ דיכטערס עסטעטישן חוש. היינעס „פון מיינע גרויסע שמערצן מאַך איך די קליינע לידער“ איז נישט דער סוביעקטיווער צוגאַנג פון ליידנדיקן מענטשן צו דעם אָביעקט „ליידן“, נאָר דער פּאָעטישער אויסגוס פון אַ קינסטלער, אַ גרויסן ערשטראַנגיקן קינסטלער דערצו, וואָס ווייס גענוי וואָס ער וויל טאָן, און ווי אַזוי, איידער ער טוט די זאַך. אוודאי האָט היינע זיך אומפּאַסיק אַרויסגעכאַפּט מיט אַ דערקלערונג פון פּאָעטישער טענדענץ, וואָס שטייט אַ היפּש ביסל אין וועג זיין אייגענעם צוגאַנג צו קונסט. (לעצטנס האַמערט זיך נ. ב. מינקאָוו ערגעץ צו אַ סינטעז פון „אָביעקט“ און „סוביעקט“, פּסיכאָלאָגיע און לאָגיק און קראָטשעס אידעאַלער פאַרבינדונג פון קונסט מיט פּערזענלעכן אויסדרוק, דערפאָלגרייכן, פאַרשטייט זיך). אָבער להיפּוך די טעסטאַמענטן פון מענטשן וואָס גייען פון דער וועלט, איז אַ דיכטערשער טעסטאמענט אַ געפּילפּולער אויסגוס ווי אַ קעגנווירקונג פון דעם, וואָס וואַזשעט אויפן קינסטלער אין דעם גאַנג פון זיין וועלט. די לעצטע איז רוי, האַרט, שטרענג, גרויזאַם און באַאומרויִקט דעם קינסטלער אַ היפּש ביסל. אָבער ווען דער קינסטלער האָט זיך שוין אַרויסגעזאָגט, זעט מען ערשט, אַז ער איז צופרידן פון דעם פאַרשווענדערישן פּראָצעס וואָס הייסט לעבן, ווייל ער קאָן זיך פאַרגינען צו זינגען די אַלע קלעגלעכע פאַרמעגענישן פון דער וועלט וועגן וועלכע ראָל־ניק זינגט.

---

צווייטע פאַרגרעסערטע אויפלאַגע, ניו־יאָרק 1926.

אָבער אויב אַ טעסטאַמענט איז אויסגעהאַלטענע שטימונג, דעקט ער אויך אַלע זייטן פון דעם שטימונגס־אויסגוס. דערפאַר טיילט ראַלניק דעם גאַנצן בוך אויף פיר הויפּט־טיילן און די לעצטע אויף צעצווייגטערע. נאָ־טירלעך ווי דערפאַלגרייך ער זאָל נישט זיין אין די קורצע שטימונגען, וואָלט איך גראָד אים געוואָלט לייענען אין אַ פאָרעם פון אויסגעהאַלטע־נער לענג. דערהויפּט זע איך אין „נעכט" אַ מעגלעכקייט פון איין ליד, וואָס וואָלט דורך איין אינטענסיוון צוג געוווּנען אויף אַזויפיל, אַז עס וואָלט אונדז געקאָנט דינען פאַר אַ פולקאָמען דאָקומענט פון אַן אומבאַשטימטן פעריאָד.

עס איז שווער צו זאָגן, אַלץ נאָך אונטער דעם איינדרוק פון די לידער, ווער פון זיינע

„... אַלע קאמעראַדן
(איז) ווייט אַוועק;"

אָפּגערעדט שוין פון דעם צי זיי

„האָבן זיך געוווּסט צו מאַכן
ניצלעך, מיט אַ צוועק."

(ז' 182)

אויב דאָס זאָל זיין די אורזאַך פון

„איך וועל זיך מיט האַס פאַרבויען
הויכע ווענט און פעסטע טירן."

(ז' 183)

איז גוואַלדיק פאַרדריסלעך. אַ סך זיינע צייטמענטשן און מיט־דיכטער האָבן געמעגט מיט דער צייט אָננעמען נייע פאָרמען, זיך לאָזן „דיכטעריש איבעררעדן", אָבער איך לייען נאָך אַלץ דעם האַלפּערן פון דער „נאַכט" און נישט דעם „זרחישן". דער יונגער זישא לאַנדוי לאָקט מער ווי דער שפּעטערדיקער, און אייזלאַנדן איז אין נייעם זשאַנער געלונ־גען אַ „שטיל לעבן". און ראַלניקס

„נאָך אַלע לידער קומט דאָס ליד
„דאָס לעצטע ליד פון אונטערגאַנג."

(ז' 128)

איז נאָך זיניקער מער אויסגעהאַלטן ווי אַלע לידער פון אונדזער מאָ־דערניזירטן אונטערגאַנג. ווייל נאָך אַלע לידער קומט דאָס ליד, וואָס איז אונדז צום נאָנטסטן ווען מיר האָבן זיך אַריינגעפּוטשעוועט אין אונטער־גאַנג. עס איז אָבער אינטערעסאַנט אַז ראָלניק האָט אָנגעשריבן, אויף וויפל מיר איז באַקאַנט, די איראָנישסטע צוויי שורות אין אונדזער פּאָעזיע. נאַ־טירלעך, מיין איך, אַז די פאַרבינדונג טוט דעם שנעל אין נאָז אַריין:

„איך בין נישט רייך. איך האָב איין בגד
„פאַר הויז און שול און פאַרן וועג.
„אין מאַרקטעג גיי איך אין אים האַנדלען
„און גאָטבעטן אין יום־טוב טעג.

„עס פאַלט אויף אים דער שטויב פון זומער,
„דער קויט פון אָסיענדיקע טעג,
„דעם רינשטאָקס שפּריץ, — און אַלע זייפן
„פאַרוואַשן נישט אַן איינציק פלעק.

„אויף שמחות און צווישן קלאָגערס
„אין זעלבן קלייד. איך בין נישט רייך.
„און מיט די אַלע פלעקן קומען
„דאַרף איך אין הימלס־קיניגרייך״.
(ז׳ 110)

עס איז אַזאַ טעלעפּאַטישע צונויפרעדעניש מיט עליאָטס ליד „דער היפּאָפּאָטאַם״, וואָס איז ממש שטוינענדיק. נאַטירלעך טוט דער ענגלישער דיכטער אַ סיסטעם־אַרבעט: צוויי פערזן דירעקטע און צוויי אין אַ סאַטירע־ווענדונג. ראָלניקן גייט דאָס אינגאַנצן נישט אָן, און ער האָט זיך מסתם איבער די מעגלעכקייטן אינגאַנצן נישט פאַרטראַכט. אָבער אַזאַ צאַרטער בייג אין פאַרגלייך מיט האַמעטנעם עגבערן ביי אונדז (מיטן אויסנאַם פון אַזאַ ליד, למשל, ווי האַלפּערנס „פּייפערהענגער״) איז אַ וויכטיק געווינס פאַר אונדזער פּאָעזיע.

„אין לייברערי״ (ז׳ 225) האָט מיך נאָכאַמאָל געמאַכט איבערצולייענען איינע פון לוצקיס ערשטע לידער מיט דעמזעלבן נאָמען און כאָטש עס איז

„יונג" לוצקי, איז דער לייוונט זיינער א סך מער פּאַרכאַפּנדיק, מיט אַלע פּעלערן, ווי ראָלניקס רויִקע שילדערנדיקע געאיבטע פּערזן.

אָבער אין אַ רעצענזיע איז שווער זיך אָפּצושטעלן אויף איינצלהייטן פון אַזאַ פילפּאַכיק בוך, ווי ראָלניקס. ס'איז, אויסער אַלעמען, דאָס אינ־טערעסאַנטסטע בוך אונדזערס פון אַ פאַרגאַנגענעם דור, פול מיט טוישנ־דיקע אימפּרעסיעס, שטימונג־אויסגעלייזטע שורות, איינגעהאַלטן, צייטנ־ווייז גאַנץ אינטענסיוו, און מיר קענען עס נעמען פאַר אַ פּאָרטרעט פון יונגן און מיטליערן קינסטלער. פאַרדריסלעך איז בלויז דאָס, וואָס די איבער־טענער, דורכויס דורך דער זאַמלונג, ברענגען אונדז אין פאַרדאַכט אַז דער עלטערער, יאושדיקער קינסטלער האָט אַ האַנט אין דעם. און די טראַגעדיע קומט נענטער מיט דער איבערצייגונג, אַז פון אַלע „יונגע" איז ראָלניק דער מערקווירדיקסטער און ט י פּ ס ט ע ר דיכטער.

1926

# בערנאַרד לואיס

(צו זיין פריצייטיקן טויט)

צוגייענדיק איינפאַך און נישט פילאָסאָפיש צו דער מיסטעריע, נעמען מיר אָן פאַר אומקאָנדיציאָנעל־טראַגיש דאָס אויפהערן קלאַפּן פון אַ מענטש־לעך האַרץ. בפרט ווען דער מענטש האָט איבערגעלאָזט אַ ירושה פון עטלעכע אייגנאַרטיקע לידער, און ווען נאָר זיי קומען צו די הענט, מוז מען שוין אין סאַמע אָנהייב זיך אָנשטויסן אויף אַ ליד מיט דעם פערזענלעכסטן קעפּל אויף דער גאָרער וועלט — „איך" — און כאָטש די ערשטע צוויי שורות פאַר־אורזאַכן נישט קיין פּאָעטישן אָרגאַזם, לייענען זיי זיך נישט אַנדערש ווי:

„איך, וואָס לעב און פריי זיך,
בין די פרייד פון דער וועלט".
(בערנאַרד לואיס „אין זיך־אַנטאָלאָגיע", 1920)

עס איז כמעט ווי זיכער אַז צו דער פּאָעטיש־ריינער אויטאָ־סאַטיס־פאַקציע פון אַזאַ אָנזאָג און זעלבסט־אָנדייט האָט זיך בערנאַרד לואיס קיינ־מאָל מער נישט צוריקגעקערט.

„אַ פייער פלאַם בין איך"

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

„ציקלאָנירט
דעם ציקלאָן פון מיין האָפענונג."

די אויסדרוקן אי זדעם ערשטן ליד זיינעם זענען אַ סך טיפּישער פאַר דעם דיכטער, וואָס האָט זיך שפּעטער אַנטפּלעקט פאַר אונדז אין די ווייטערדיקע שטעלן:

„איך האָב ליב צו זען
ווי עס פאַלן ברענענדיקע באַלאָנען אויף דער ערד.״
(„פאַנטאַסמאַגאָריע״)

„איך בין אַ קאָלטן אויף אייערע קעפּ״.
(„דער קאָלטן״)

„...מיין אַזיאַטיש בלוט האָט איך קיינמאָל נישט געקענט
פאַרטראָגן.״
(„איר גריסט מיך״)

איז עס קנאהדיקס, שנאהדיקס, אָדער אַ פּאָעטיש־שאַבלאָניזירטע רשעות? יעדעס ליד איז בייז, „קראַפט״־אימפּאָנירנדיק. לואיס איז געווען דער אינזיכיסט, אין וועמען דער פּאָעט איז נישט פאַרלוירן געגאַנגען, נאָר פּשוט אַנטלאָפן, אויס מורא פאַר זיינע „קאָלטנס״ און „ברענענדיקע באַלאָנען״. אָבער עס איז אויך זיכער, אַז אין זיין ליד „איר גריסט מיר״, האָט לואיס אויסגעזונגען אַ וואַריאַנט פון אַ מאָטיוו, וואָס איז אפשר דער שווערלעכסטער ביי אונדז היינט־צו־טאָג. עס איז אפילו נישט נייטיק געווען צו פאַרסימבאָליזירן די באַציִונג ביי אונדז בין אדם לחבירו, כדי דער פּאָעט זאָל זיין געוואָרנט מיט זיין אמת, נישט אַרויסזאָגנדיק אים אויף אונדזער סביבה, ווי זי שטייט און גייט.

איך האָב פריער אָנגעדייט, אַז בערנאַרד לואיס האָט נאָך די ערשטע פאָר שורות אין ערשטן ליד נישט געזוכט מער צו באַהעפטן זיין מיקראָקאָסמישע פרייד מיט דער מאַקראָקאָסמישער זעליקייט. דאָך צאַרטקייט האָט דער בייזער דיכטער מאַניפעסטירט אַפילו שפּעטער:

„ס'איז מיר גרינג אין פעלד מיין האַרץ צו דינען
ווען עס רינגלען מיך אַרום די הפקרדיקע גראָזן.״
(„צום רויטן־אָרגיע טויט״)

דאָס ליד „אין פעלד״ אי זשוין דורכויס קוריעז ווי אַ פּראָדוקט. חוץ אַ פּאָר גרימאַסן, איז דעם דיכטערס אויסזען דורך דער גאַנצער פּאָעמע אורשפּרונג־פריידיק.

ער האָט אַרויסגעוויזן געוויסע קאָלעקטיוו־אינזיכיסטישע חסרונות. „אַ פּינטל מיטן אויג" איז, אייגנטלעך, דער באַרימטער „פלוצים", דער קאַליי־דאָסקאָפּישער שלייער. אויך „פלאַמטאַלין", „ווילדי־ווילדי־ווו", זענען לייב־לעכע שוועסטער־און־ברידער פון יענער פערזענלעכער פאַמיליע, מיט וועל־כער די אינזיכיסטן האָבן פאַרנאַרט אין קאָשעק אפילו די יענע וואָס זענען לכתחילה געווען קעגן זיי. עד־היום שפּרודלט מיט זיי אין אונדזער צייטונגס־און זשורנאַלן־פּאָעזיע.

בערנאַרד לואיס איז געווען דער איינציקער וואַנדער־פּאָעט צווישן אונדז. אויף דעם שליאַך פון „די רעלסן און שטערן" האָט ער אַמאָל דער־פילט אַז:

„דער אָנפאַנג איז אין מיר,
דער סוף איז אין מיר."

מיט דער עסטעטיק, דוכט זיך, האָט ער זיך אינגאַנצן נישט אינטע־רעסירט. אויב עס איז באַקאַנט אַן אינטענסיווער דראַנג זיינער, איז עס געווען צו באַהערשן העברעיש, בכדי צו שרייבן אין דער שפּראַך. דער וואָרעם פון טויט האָט אים אָבער געטאָטשעט די גאַנצע צייט, ווי עס אַטעס־טירט זיין פּאָעמע „פאַרלוירן", געשריבן אינמיטן זיין קורצער דיכטערי־שער קאַריערע:

„איך וואַרט אויף דיר און בין גרייט דיך צו עמפּפאַנגען."

זיין הויפּטשטריך: דער קוראַזש צו פאַרבלייבן אומבאַקוועם. זיין באַ־גריף פון לעבן איז אפשר געווען: האַמערן אַזוי לאַנג ביז דער האַמער מיט דער קאָוואַדלע ליגן ביי די פיס אין צעבראָכענע פּיצלעך.

עס איז דער חוב פון קאָלעגן צונויפצוזאַמלען דעם מאַטעריאַל — געדרוקטן, ווי אויך אין מאַנוסקריפּט — פון דעם מעטעאָריש־דערשינענעם און פאַרשווונדענעם דיכטער. דאָס בלוט האָט איבערטרייבעריש געמעגט זיין אַזיאַטיש; די פאַנטאַזיע איז אונדזערע דורכויס. מיר מוזן טראָגן דעם „קאָלטן" אויף אונדזערע קעפּ. מיר וועלן אפילו פּרווון, מיט דעם פאַר־שטאָרבענעם דיכטערס מחילה, רעווידירן זיין זעלבסט־באַצייכענונג.

1925.

# יעקב סטאָדאָלסקי

סטאָדאָלסקי, ווי באַוווּסט, איז אַן אינזיכיסט. די אינזיכיסטן קעמפן מיטן געוועד פון „שולע", מיט דער באַמיטלונג פון „טעאָריע", מיט אייגן־סכע־מאַטיזירטע באַווייזן, מיט אייגן־פאָרמולירטע קריטישע לאָזונגען. סטאָ־דאָלסקי קעמפט אויך, נאָר זיין קאַמף קוואַלט פון חסידיש התלהבות, פון אַ שפּרודלענדיקער באַגייסטערונג, וואָס קומט צו אים בירושה — ערשטנס, פון זיין שטאַם, ווי ער אינפאָרמירט אונדז, און, טיפער געגרונטעוועט, פון אַ דור און פאָרגעלאָפענער עפּאָכע, וואָס האָבן די אינזיכיזם־אייגנשאַפט גע־טייטשט אויף אַן אַנדער שטייגער: „אַלץ איז אינערלעכער פלאַם". פּרובירנ־דיק אַזוי זיך דערגראָבן צו סטאָדאָלסקיס חסידות, מוז מען קומען צום אויס־פיר, אַז דאָס איז נישט קיין מאַניר, נאָר עצמדיקייט. פאַרקערט, זיין מאַניר, דאָס הייבעלע פון זיין קונסטס אויסדרוק, וואָלט גרייכלעך געקאָנט זיין, על פּי צופאַל, מאָלעריי, סקולפּטור, אָדער וועלכע־ס׳נישט־איז אַנדערע ליבע מלאכה. דורך אַן אייגנשאַפטלעכן צופאַל איז עס ווערסיפיקאַציע. אונ־טער אַלע אומשטענדן אָבער שיילט דער דראַנג אַרויס: אַלץ וואָס איז ליידנ־שאַפטלעך־גייסטיק. „גייסט" אָפּט פאַרביטן מיט „געדאַנק" — צוויי קאָנ־צעפּטועלע ענטיטעטן, וואָס סטאָדאָלסקי פּרוווט צו לייגן ווי ווינקלשטיינער אין דער געביידע פון חכמת־השיר — ביידע באַגריפן האָט ער אינערגעץ נישט אַנטליגן, נאָר כמו־אויסגעהובליעוועט, אויסגעטעסעט, אויסגעהאַמערט,

פון אַ רעדע, געהאַלטן דעם 22טן מאַי 1933, לכבוד דער דערשייַנונג פון סטאָדאָלסקיס בוך לידער „אירליכט".

אויב אַפילו מיט ניט ענדגילטיקער פולקומענקייט, פון זיין פילבאַרקייט אַרויס, כדי צו פאַרטייטשן פאַר זיך אינסטינקטיוו דאָס וואָס פליסט און שטראַלט דינאַמיש אין און אַרום אים.

ער קען זיי אַ קנאַי, נעמען די לעבער — פּאָעטיש, פאַרשטייט זי און ניט אין רעאַלן זין פון וואָרט. ער קען בראָטן און בראַנדן, די אינזיכיסטן (און רעדן וועגן זיי צוזאַמענגענומען, איז אפשר נישט דער געווינטשסטער אופן צוגאַנג) זענען מערסטנס קיל, פאַרטראַכט, רעפלעקטיוו. סטאָדאָלסקי איז מערסטנס אייפער. אויב זייער אייגנשאַפט איז צו שיינען, פעכלען — איז זיינע: וואַרעמען, גליִען. דאָך, אויב ער נערט זיך פון חסידות, און היט אָפּ דיכטערישע קדושה, ווייסט ער אָבער ווי און פאַרוואָס ער גאַרט באַגייס־טערונג. דאָס איז נישט קיין סתירה אין אים. פאַרקערט, עס שאַפט אַ מין סטאַטעטשנע פאַרגאַנצונג וואָס האַרמאָניזירט מיט און רעסטאַוורירט נאַטיר־לעך זיין געמיט, ווען ער דערפילט זיך דערנענטערנדיק צום ראַנד פון פאַר־לייקענונג, צווייפל, „ניין“־זאָגונג.

כ׳וואָלט אפשר גלייך פון אָנהייב באַדאַרפט אָנגעבן, אַז איך זוך דאָ נישט צו דעפינירן, נישט סטאָדאָלסקין און נישט חסידות. דער באַשטרעב וואָלט זיכער רעזולטירט אין אַ מין גענעראַליזאַציע, פון וועלכער, אויב מיר זאָלן זוכן אַן אויסוועג, מיר וואָלטן זיך בלויז פאַררעטעריש אַריינגעקייקלט אין דעם אומפּרוכטבאַרן געבוי פון אַן אַנדער, און ווייט נישט עכטערער, גענעראַליזאַציע. באַטאָנענדיק חסידות, טראָפּישקייט, באַצוועק איך בלויז אַ פּאָעטישן ניצוץ אַרויס פון דעם אויבנאויפיקן ליישווערק פון זיינע פערזן. אויב צווישן זיינע שורות לויפט נישט אום קיין יובלענדיקע מוזיק, שפּאַרט אָבער דראַנגיק פון זיי אַרויס אַ רעזערוו פון ליידנשאַפטלעך־אָנגעשטרענגט דענקען, וואָס גיט זיין ליד האַפט און לייזט אויס זיין ענערגיש גאָט־און־מענטש זוכעניש. „פּריִער“, באַהויפּט ער אין זיין ליד „יהוה“ —

„פּריִער דאַרף מען זיין אַ גאָט,
„פּריִער דאַרף מען זיין אַ מענטש.“

די ראַנג־אָרדנונג, אין וועלכער ער גיט „גאָט“ די פּריאָריטעט, מאַכט ערשט דעם צווייטן „פּריִער“, פון „צו זיין אַ מענטש“, פון דער ערשטער וויכ־טיקייט. סטאָדאָלסקיס סענסיטיווע און ניט כאַפּלאַפּערישע מענטש־סעניאָרי־טעט אין די אויבנדערמאָנטע פערזן, איז אַ וויכטיקע באַשטימונג וואָס אור־

טיילט קאַטעגאָריש דעם אָרדנטלעכן קאָסמישן באַטייט. (איך וויל דאָ, אַגב, אָנמערקן די סברה וואָס האָט אַ סך אָנהענגער, אַז אויב מיר האָבן עפּעס אַן אָנונג וועגן אמת, איז עס ווייל מיר זעען פענאָמענען דורך גאָטס אויגן, פון דער גאָטהייטס שטאַנדפּונקט. דאָס ווערט, אפשר אויף אַ קאַזויסטישן שטייגער, אָפּגעפרעגט פון דעם שפּאַניער אָרטעגאַ אי גאַסעט, אויף אַן איבערגעדרייטן אופן: גאָט, זאָגט ער, זעט אַלע פענאָמענען דורך דעם מענטש, און די מענטשהייט איז דער וויזועלער אָרגאַן פון דער גאָטהייט).

סטאָדאָלסקי איז, פאַרוואָר, אַ „יאָ"־זאָגער, און זיין אַפירמאַציע רעוועראַבערירט און צעקנאַלט מיט אומצייליקע עכאָס אין אונדזער יאָמערטאָל און שלאָגט צוריק יעדע פאַלשע כוואַליע וואָס דראָעט צו פאַרשווענקען דעם טאָג, די נאַכט און דעם גאַנצן רימאַנענט פון דער עקסיסטענץ. און זיין ראַטונאָק, זיין „יאָ" איז — גייסט, וואָס ווערט, ווי פריִער געזאָגט, אָפּטמאָל פאַרקערפּערט אין געדאַנק, ווייל ווי טראַדיציאָנעל ער זאָל נישט זיין פילט ער מסתמא אַז געדאַנק איז דער אימפּערישער צעשטערער פון טראַדיציאָנעלע סאַנקציעס — און פּלוצים שווימט ביי אים אַרויס אויפן אויבערפלאַך די רעאַליזירונג, און פאַלגלעך די אַפירמירונג, פון דעם רויען, בלוטיקן פּאָזיטיוו — לעבן, וואָס, ווי זיין אינטויִציע זאָגט אים פּעסט אונטער, צעשטערט עס די סאַנקציעס פון שׂכל, פון געדאַנק.

איך האָף נאָך צו האָבן די געווינטשטע און באַגערטע געלעגנהייט אַרומצורעדן סטאָדאָלסקיס ליד אין אַ שריפט ווו איך וועל זיך קענען אָפּשטעלן אויף זיין אויפטו — מיט די מעלות און חסרונות דערפון — אויף אַ גאָר אַנדערן, קריטיש־ברייטיקערן און פּערספּעקטיוו־גערעכטערן אופן. דאָס איז אפשר דאָס וויכטיקסטע וואָס אַ קינסטלער פאָדערט און פאַרדינט, וווהין דעם אָפּשאַצערס וועג זאָל ענדלעך נישט דערפירן. די גרעסטע טראַגעדיע פון אונדזער צייטס ליטעראַטור איז, מסתם, דאָס וואָס דאָס היינטיקע יִידישע ליד גייט־אויף אויף די בלעטער פון אַ דיכטערס בוך אָן דער זכיה צו האָבן אַ קריטישע, אַ ראַיעל־קריטישע, זון, וואָס זאָל דאָס ליד וואַרעמען, שיינען דערויף — אַפילו, ברענענדיק, עס באַקן; אָן רעגנס, וואָס זאָלן די דיכטונג דוויערהאַפט נערן, אָן שטורעמדיקע נעצן, וואָס זאָלן דאָס ליד, צומאָל, שטעלן אין דער סכנה פון פאַרניכטונג אפילו. אָבער דאָס איז אַ זייטיקער ענין. איך וויל בלויז אָנדייטן אויף דעם שטריך וואָס טיילט סטאָ־

דאָלסקין אויס פון צווישן זיינע קאָלעגן, לויט זיין טעמפּעראַמענט און אייגנ־אַרטיקן טראָפּישן פאַרצוג פון נוסח.

זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז רעדנדיק וועגן סטאָדאָלסקין ווי אַ חסיד, ווערט בשום אופן נישט פאַרשטאַנען קיין ראַסאָווער קולטורעלער אַטאַוויזם, ווי עס איז דער פאַל מיט אַנדערע אין אונדזער ליטעראַטור. יענע, ווען זיי באַקערן זיך צום, אָדער דערנערן זיך מיט, חסידות, צעטרענצלען זיי זיך אין אַ חסידיזם־באַגריף וואָס איז אַ מין פליכט, אַן אומקאָנסעקווענטע אָבער פּאַריאַכטע אַרבונג. עס איז אויך נישט קיין פראַגע מכוח אַ דערשיינונג אויף דעם געביט פון פריידּ, פון שבח לכבוד וועלכער־ס׳איז קאָסמאָגאָניש־קייט, אָדער איר לעצט־מאָדישער געשטאַלטונג. ביי די אַנדערע ווערט עס גאַנץ פּשוט פאָרמולירט: „ווער ס׳האָט די קמיע, האָט די דעה״. ס׳איז אויך נישט קיין פראַגע פון בעל־עבירהס און בעל־תשובהס. טרויער איז נישט דאָס ערשטע, און גליקזעליקייט איז נישט דאָס לעצטע, און איז אפשר אפילו נישט קיין מעלה בכלל. סטאָדאָלסקיס חסידות מאַניפעסטירט זיך נישט אויף אַזאַ פאַרדאַרבונד־שטופּע. זיין חסידות איז נישט דער פּראָדוקט פון אַבערגלויבערישן פאָרמאַליזם און דערפאַר איז עס שוין במילא ניט קיין עקספּלואַטאַציע־קוואַל, און לחלוטין אָפּגעשיידט פון קונצנמאַכערישע זשע־מאַנסטוועס.

סטאָדאָלסקי, וואָס האָט זיין נחת־רוח געפונען צווישן אַ גרופּע דיכטער וואָס באַטאָנט — ווער מער, ווער ווייניקער — אינטעלעקטואַלקייט (פאַר־שטייט זיך, קאָמבינירט מיט דיכטערישער סענסיביליטעט), איז אורשטאַמ־לעך אַ קוואַל פון חסידות פאַר דעם ברויזנדיק־איינגעהילטן קינסטלערישן וואָרט. ער האָט פאַר זיך געפונען אַ מיטל, וואָס איז נישט בלויז אַן אויסוועג, נאָר אַן ענדגילטיקער, כאָטש ווינציק־וואַריאירטער, אינסטרומענט פאַר פאַראייניצלנעם חסידות, נישט מיט מטלטלים פון פּשטות און לויזער פאָע־טישער טראַדיציע אין אונדזער שפּראַך־באַגריף, נישט נאָר מיט „שולע״, מיט „טענדענץ״, ווי מע רופט עס, נאָר מיט גייסט; נישט מיט זינגען, טאַנצן און שפּרינגען ווי אַ פּאָעטישער באָק, נאָר אין איינקלאַנג מיט דער מאַ־ניפעסטירונג פון זיין ליד אויף אַ שטייגער וואָס איז עצמדיק פּאַסיק פאַר אַ דיכטער פון דעם פּערמאַנענטן און אימאַנענטן. קורץ — פון נעכטן, און מאָרגן און אַלמאָליקן.

ס׳איז לייכט איינצוזען אַז מיין היינטיקער צוגאַנג צו סטאָדאָלסקין לאָזט

אינגאַנצן אין אַ זייט, און דערלויבט נישט אָפּצושטעלן זיך אויף, זייער וויכ־
טיקע באַשטאַנדטיילן פון ליד: צי אים איז געלונגען אַמאַלגאַמירן די שידנ־
אַרטיקסטע דערפאַרונגען, צי האָט ער געשאַפן נייע „גאַנצקייטן" פון פּאָע־
טישער וויזיע, צי זיין מעטאָד איז אַ שטייגערנדיק־רייכע ראַפינירונג פון
דער פילבאַרקייט, אד"גל. די ענינים מעטאַפאָר, אימאַזש, ליריזם און אַנ־
דערע, וועלן, ווי דער פּראָגראַם זאָגט־צו, באַהאַנדלט ווערן פון אַנדערע
קאָלעגן. איך האָב בלויז באַגערט אָנצורירן, און נויטווענדיק נישט מער ווי
באַרירן, אַ זייער וויכטיקן עלעמענט, לויט מיין מיינונג דעם וויכטיקסטן, אין
סטאָדאָלסקיס שאַפונג־אַרט.

אַ שטריך וואָס קען אפשר נאָך אַ גרינטלעכער פאָרשונג רעלאַטיווירט
ווערן מיט דעם פייער וואָס טליִעט אין אים, אין זיין באַנעם פון דיכטערישער
אוטאָפּיע, כאָטש דאָס באַציט זיך צום קאָנווערזאַציאָנעלן און נישט צו דעם
שרייבנדיקן סטאָדאָלסקי: — סטאָדאָלסקי קען אַמאָל אָפּרעדן מיט אייך אַן
אָוונט, אַ בייטאָג, אַ פּרימאָרגן לאַנג. ער טאָפּיעט זיך אין אַ נעפּלהאַפטער
אידייען־אַטמאָספער, טאָפּטשעט זיך אויף אַ שטח וואָס זעט אייך אויס צו
זיין דערהזעלבער פאַר אַ היפּשער צייט. און פּלוצים דערנענטערט ער זיך צו
אַ קריזיס־פּאַזע אין זיין ברייען, צו אַ פּאַסוס ווו מען מוז אָדער פאָרויס־
טרעטן, אָדער צוריקטרעטן פון דער מאָנאָטאָנער פּאָזיציע. דאַן גיט ער
אַ לייכט־אויף פאַר אייך מיט אַן אומדערוואַרטער ספּאָנטאַנקייט פון אַנט־
שיידונג, וואָס שטייגט אַריבער די גרעניץ פון פּריוואַטער אָדער קאַפּריזנער
מיינונג, נאָר דערנענט זיך צום ראַנד פון אַנטפּלעקונג. דאָס איז אפשר זיין
„אירליכט". אויף מיר האָט עס אָפּט געווירקט מיט דער קרעפטיקער שיינ־
קייט פון צעשטראַלונג. אין יענעם זיגרייכן מאָמענט ווערט זיין אויסדרוק
צמצומדיק, אויסגעהאַלטן, פאַרביק. דאָס קערנדל, באַמערקט איר, איז פון
עכטער אינטענסיטעט און ווערט נישט קאָמפּראָמעטירט פון קיין צעשוומע־
נעם אויסדרוק: דער שפּראַך־לבוש איז קאָמפּאַקט.

רעדנדיק איצט וועגן סטאָדאָלסקין, פיל איך ווי איך וואָלט אין אַ גע־
וויסן זין גערעדט וועגן זיך אַליין. רעדן פון און וועגן זיך איז היינט אין דער
מאָדע, כאָטש ס'איז נישט אַ ליטעראַרישער איבונג־פּאַסאַן וואָס אימפּאָנירט
מיר. וועגן זיך, האָב איך, אין אַן עקסטרעמען פאַל ווען דאָס מוז געטאָן ווערן,
אפשר ליב צו טראַכטן — אי דאָס אויך נישט קלאָר טראַכטן, נאָר פילן אויף
אַן אָנגעהויכטן, נישט אָנגעאיכטן, אופן. אָבער דער אונטערשייד פאַר מיר,

אין צוקומען צו זיך און צו סטאַדאָלסקין, איז פּאַרט דער, וואָס מיר זענען באַזונדערע מענטשן, מיט אַ פאַרשיידענעם קוק אויף זאַכן, געשעענישן, און וואָס נאָך וויכטיקער — אויף פּאָעזיע. סטאַדאָלסקי האָט אַ דריי־פיר לידער פון פּאָרנעמיקן קאַליבער, וואָס לאָקן און רייצן מיך זייט יאָרן. אַזוי ווי איך קען נאָך אַלץ נישט, נאָך דעם וויפלטן צוגאַנג צו זיי, זיי קאָנקרעטיזירן, זענען זיי פּאַר מיר פּראָבלעמען. דער וויכטיקסטער ענין וואָס, לייזנדיק די פּראָבלעמען טיילווייז, אַרביטראַר, ווערן אָנגעהויפּט אַנדערע, וואָס טוען ווייטער זייער גליקזעליקע, געמיט־יערנדיקע אַרבעט.

אין זיין ליד „גרויסטאָג" העלט ער אויף פּאָזיטיוו אָן צוריקשטאַנד, דרייסט, און מאַכט זיין פּאָעטישע באַהויפּטונג ווי אַ דענקער־דיכטער, דערגרייכנדיק דעם מאַקסימום אויסדרוק, לויט דעם אַרומנעם פון געדאַנק, אין אַ מינימום־מאַטעריאַל. ער אַפּראָפּיאירט אָלימפּיש פייערגעצייג זיך אויסצוהאַמערן אַן אני־מאמין ווי עס איז פאַרקערפּערט ערגעצוו, און דער רעזולטאַט איז אַזוי פעסט און זיכער ווי וועלך אַנדער פרעפּערענץ־ליד פון דער צייט.

1940

# נ. ב. מינקאָוו

עס האָט זיך אַ ריר געטאָן די לעצטע צען יאָר. אין אַלע לענדער ווו קונסט איז געווען דער טאָגטעגלעכער אָפּטויש־פּראָצעס פון עטלעכע טויזנט מענטשן נאָר — אַ פּראָצעס מיט אינטערעסן, וואָס האָבן ממש געראַטעוועט דאָס ווירדיקע פון דעם גאַנגבאַרן ליגנערישן אַלטעגלעכן לעבן — איז די צאָל פאַרערער באין ערך פאַרגרעסערט געוואָרן. אפילו די פּראָלעטאַרישע שיטה, וואָס שטרעבט נאָך נישט צו קיין אויסלייזערישן סינטעז און נעמט אָן קונסט אַלס סימפּטאָם דערוויל, וועט מיט דער צייט געפינען גייסטיק פאַר נויטיק צו פאַרברייטערן דעם מאָנאָטאָנעם דרך און פאַרטיידיקן קונסט אַלס סימבאָל. אָט דאָס באַנוגענען אַליין איז איצט פאַר זיי די ויותר. די פראַגע בלייבט נאָר, צי ווערט קונסט אין אַלגעמיין מער אַסאָציאירט מיט דעם רעזולטאַט, וועלכער ווערט אין שאַפונגס־פּראָצעס אונטערוואָרפן פאַרגעשריטענער טעאָרעטישער באַלייכטונג.

אין אונדזער ליטעראַטור, מיר זאָלן אָננעמען דאָס פּאָפּולער־מערקווירדיקע, האָבן מיר ערשטנס אַזאַ אויסגעשריענעם מאַסשטאַב ווי „שוידערלעכקייט". דאָס לעצטע איז ביי די מעבר לים פּאָעטישע ברידער אונדזערע, אַרויסגערופן געוואָרן נאָר אַ דאַנק דער צעשפּליטערטער געזעלשאַפטלעכער סטיכיע. דאָס באַנייען פון יעדן „סאָציאַלן קאָנטראַקט" מוז געוויסערמאסן אונדז געבן אַ באַנייאונג פון עסטעטישע באַגריפן. אָבער

---

נ. ב. מינקאָוו — „לידער", פאַרלאַג „אינזיך". ניוי־אָרק, 1924.

— ניין, עס מוז נישט — איך וואָלט געזאָגט אַז עס קאָן נישט טוישן די פאַרצוויגטע עסטעטישע ווערטן, נאָר בייטראָגן, צוברענגען עפּעס בייעס, אין ליכט פון די לעצטע דערשיינונגען. דאָס איז אפשר אויך דער טעות, וואָס אונדזערע יונגע דיכטער האָבן דאָרט געמאַכט. זיי האָבן געזאָלט גיין ווייטער, לויט דעם הסכם פון אַ קלאָר־באַגריפענער רעגירנדיקער עסטע־טישער סכעמע. זיי האָבן אָבער באַטראָטן אינגאַנצן אַן אַנדער דרך.

פאַר דעם צווייטן ביישפּיל קאָן דינען אונדזער אַמעריקאַנער אינ־טראָספּעקטיוויזם. די אָנהענגער פון דער לעצטער גרופּע האָבן, נישט אַכ־טנדיק אויף זייערע דערקלערונגען צום זאַמלבוך „אין זיך״, 1920, נעפּלדיק באַגריפן די צעצווייגטקייט פון זייער פּראָגראַם. די מאַניפעסטאַציע פון קליינלעכע לעבנס־דערשיינונגען האָבן זיי איינגעהילט אין פּאַטעטישע פליטערלעך. עס איז דערפאַר קיין וווּנדער נישט, וואָס אויסער דער אויס־געשפּראָכענער טערמינאָלאָגיע, איז די עסטעטיק זעלבסט פון זיי באַריי־כערט נישט געוואָרן. אויב דער סדר פון זייער וועג איז פאַר זיי קלאָר גע־ווען, זענען אָבער די פאַררעטערישע ביי־כללים געבליבן הענגען אין דער־לופטן און דורך די קאַרגע צוויי צענדליק נומערן פון זייער צייטשריפט איז מיט קיין איין קאָנקרעט אַרטיקל נישט אָנגעדייט געוואָרן וואָס אַזוינס איז דער אינטראָספּעקטיוויזם, אַלס קינסטלערישע באַזע, אַלס פּאָעטישער פאָרמול, וואָס קענען דינען דער צייט, אַזויערנאָך העלפנדיק איר ווייטער שפּינען די קונסט־נעץ.

וואָס די אורזאַכן פון דעם זאָלן נישט זיין, איז איצט איבעריק מיט דעם זיך צו פאַרנעמען. עס איז אָבער יאָ כדאי צו זען וואָס אַ פּראָמינענ־טער אינזיכיסט האָט דערגרייכט, דיכטנדיק אונטער און אויסערהאַלב דעם אינטראָספּעקטיוויסטישן היפּנאָז.

אין „שלאָפלאָזע נעכט״ לאָזט מינקאָוו שוין, אין ערשטן טוץ שורות, דאָס גאַנצע אינזיכיקע רימל, לויפן פייל אויסן בויגן. „דער לעצטער זיג פון אַלטן קריגער״ איז אַ וויזיע פון מיטעלן פאַרנעם. וואָס עס וואַרפט זיך אין די אויגן ווי אין דעם געהער, איז איבער אַמאָל קאָנדענסירטער אינזיכיזם.

עס איז באַזונדער שווער צו געפינען צווישן אונדזערע דיכטער אַזעלכע, וואָס זאָלן קענען נאָכזאָגן דעם פראַנצויזישן קונסט־קריטיקער, עלי פאָר׳ס ווערטער: „דורך מיינע באַגריפן פון דער קונסט האָב איך

געלערנט קאָנטראָלירן מיינע געדאַנקען און סענטימענטן". אונדזערע קינסטלער איבערהויפּט זענען אין זייער באַציִונג צו קונסט נישט פאַרשיידן, נאָר ווילקירלעך. אָבער ביי געציילטע ווערט פאַרצווייגטער מאַטעריאַל פאַרוואַנדלט, אויב נישט אין נייעם אינהאַלט, טאָ איז אין אַן אַנדערש־דיקן דרך. „האַרבסט" איז אַן אַנגענומענע טעמע ביי אונדז. דער מאָטיוו אַליין איז אַזוי אַלט ווי די טיפע מענטשלעכע עלטער. שוין די ערשטע שורה:

„אונטער מיינע ווִעס צאַנקט דאָס ליכט פון מיינע גאָטס־
פּאַרכטיקע זיידעס".

באַוויזט דעם טעמפּאָ, צירט זיך אין ניואַנס פון אַן עכט מאַני לייביש ליד. עס איז דאָך אָפּוועזנד (און עס טוט אונדז אסור באַנג) דאָס כפל־שמונה־דיקע, דאָס זעלבסט־באַהויפּטלעכע. דערפאַר איז פאַראַן זעלבסט־דערפּו־לונג, כאָטש עס קומט נישט פון לויטערן געמיט פון פּאָעטס אייגענעם טיפ־באַגריפענעם אַמאָראַלישן „איך", נאָר פון דעם היסטאָריש־פאַטאַלן

„אַז ס'וועט קיינמאָל נישט פאַרלאָשן ווערן דאָס ליכט פון
מיינע גאָטספּאַרכטיקע זיידעס".

אָט אַזוי ווערט פּאָזיטיווע פּאָעטישעווירקלעכקייט, צווישן די קול־טיווירטסטע ביי אונדז, אויסגעמישט מיט דעם קשי־עורפּדיקן לעגענדאַרן. דאָס לעצטע וואָרט אין דער „בעהייוויאָריסטישער" פילאָסאָפיע איז די איינגעבוירענע מורא, וואָס פּלאָגט דאָס קליינע קינד, און ווי מיר וואָלטן געמעגט דערוואַרטן, איז קיין דערלייזונג נישטאָ פאַר דעם מיטן וואַקסן. אדרבה, דער פּרימיטיווער אוראַלטער פחד, צעפלאַנצט זיך מיט דער צייט אין אַ גאַנצן שנור „טאַבוס", וואָס זייערע רעגלען קריגן מיר פון די דאָקטוירים אויף אַלערליי געביִטן פון דער וויסנשאַפט. אויך דער דיכטער קען זיך נישט באַפרייען פון דעם. זיין עמפּירישקייט שטויסט זיך אָן אין דער פּאָסט־ראַציאָנעלער וואַנט:

„בין איך דער לעצטער שוין,
מוז איך נאָך אַלץ שטומען אין די גאָלדיק־דעמערדיקע טעג,
צי וועט מיין צונג נאָך אויפגעבונדן ווערן?"
(„האַרבסט").

קורצע לידער זענען פאַרקערפּערטע שטימונגען. אַזוי איז דאָס ליד „מיט זיך". עס טרעפן זיך דאָך לידער נישט קיין שטימונגען, נאָר שטי־מונגס־קאַפּריזן. אַזוי איז דאָס ליד אויף דעם אַנטקעגנדיקן בלעטל — „לאַנדשאַפט". „אין אָוונט", אַ ליד פון פינף אומרעגולערע צוויי און דריי שורהדיקע סטאַנצן, אַנטהאַלט די גאַנצע אויסלעבונג פון אַ כאַאָטישער פּערצעפּציע, רעגולירט דורך אַ פולקום־אָריענטירטן דיכטערישן חוש. דער דיכטער באַהערשט דעם עבר מיט אַלע זיינע גייסט־פעדעם. שוין די ערשטע צוויי שורות — ווי זיי נעגאַטיווירן דעם קאַטעגאָרישן אימפּעראַ־טיוו פון דיכטערס פּאָזיציוון ווילן צו גריבלען זיך הינטער די יסודות פון באַשאַף

„דו ביסט ווי דער הימל פאַרשלאָסן
פאַרנעמען דיך קאָן איך ניט" —

שטעלן אָוועק די אונטערזוכונג אויפן פאַרנעמען פּאָעטישן פּעדעסטאַל און דער דיכטער נוצט זיי פאַר דער ברעט פון וועלכער ער שפרינגט אַריין אין סאַמע געדיכטן פון לעבנס־געשעענישן. דערפאַר איז די אויס־לייזונג פון עתיד אויף פעסט באַשטעטיקט דורכן דיכטערס אויסדרוק

„אויף מיינע פינגער שלאָפט דער טויט".

וואָס איז שוין נישט מער די לאָקאַלע פאַרענטפערונג פון דעם „איך", ווען ער ווערט מיד, זוכנדיק אַן אויסוועג. עס איז דער „גראַן־פינאַל" פון אַ פייערלעך באַהערשטער מאַכט. דאָס ליד איז, אין עסטעטישן זין, אַ פּראַכטפול טאַנאַגראַ פיגורל און די דעליקאַטע פּראָפּאָרציאָנעל־געהובלעווע־טע שורות, ווי די אידעלע טיילן פון אַ פּערפעקטן מאַטעריעלן קערפּער, גיסן זיך צונויף האַרמאָניש מיט דער קרעפטיקייט פון אַלגייסטיקן. ווער עס קען אונדזער „ניי" היינטשטאָטיש מיידל — דער פיינער פּראָדוקט פון פיזישער היגיענע און גייסטיקן איינטיילנעמערישן אָפּשיי פאַר זויבערקייט, רייפקייט און לוסטיקייט — וועט פאַרשטיין די צויבערלעכע שטאַלטקייט פון ליד.

איך האָב נישט אויסגעקליבן די בעסטע לידער פון בוך. איך וויל אָבער דורכויס באַשטיק, אַז די בעסערע האָבן גאַרנישט צו טאָן מיט צוגעקלעפּטע, אַרויפגענויטע כּללים. אַז זיי זענען דער הוילער רעזולטאַט פון דיכטערס באַמיִונג און די אַפּליקאַטאָרישע טערמינען פון איצטיקן

לעבן ווי אויך פון דער צייטס קונסט־דראַנג, קאָן יעדער, ראוי פאַר אַזאַ מין לייענען דעם דיכטער, לייכט איינזען.

וואָלטן די סאָנעטן, סוף בוך, געווען צופעליקע מאָדערנע לידער געשריבן אין דער שפּעט־מיטלאַלטערלעכער פאָרם, וואָלט אפשר נישט כדאי געווען זיך אָפּצושטעלן אויף דעם: פאַרוואָס סאָנעטן? זענען זיי אָבער די אורזאַך פון אַן אינטראָספּעקטיוויסטישער צופעליקייט. עס איז מערקוויר־דיק, וואָס דער סאָנעט האָט אויפגעלעבט ביי די יונגסטע. עס לוינט זיך דערפאַר צו זען, וואָס מינקאָוו האָט פון דעם מוסטער געמאַכט.

און ווייל אינהאַלטלעך האָט ער עס געמאַכט נישט אין די סאָנעטן, נאָר אין זיין פּאָעמע „קיד קאַרטער" (זשורנאַל „1925" — נומ. 3), וועלן מיר די סאָנעטן אַרויסווייזן רחמים און זיי אָפּלאָזן. אָבער „קיד קאַרטער"? דער גאַנצער מאַטעריאַל איז פּאַכמעסיק אַסאָרטירט דורך די פּופּצן לידער. די פּאַבולע, וואָס לעבט זיך אויס אין קינסטלערישן אונטערבאַוווסטזיין, — און טרעט אַרויס אין קרישטאָלענע קלאָרקייט אַדאַנק דעם קינסטלערס געלונגען אַרויסגעבראַכטער פּאָעטישער אָנרעגונג, — איז, וואָס איר ווילט, אָבער מער פון אַלעמען איז זי די אורזאַך פון דיכטערס פאַרלאַנג צו שעדיקן אַ פּאָר איינגעפּרעסענע מיראַזשן, ווי רעליגיע־טיראַניי (רעליגיע: גלויבן, קאָרופּציע, באַזע, קאָנווענציע):

„דו צעקראָכן ווייבערש האַרץ מיינס,
צו וואָס דער אָנשטעל און מאַרטירער רוף"
(„דער טעמפּל")

„מיר זענען נייע קינדער פון דער אַלטער ליגנערישער וועלט"
(„מעגי, קום מען רופט אונדז")

און דאָס וואָס גילט ביי אונדז לעצטנס אונטער דעם שטאַמפּ פון „משי־חיזם" און „אומקום" — „אויפקום" —ביידע אַלע דריי נישט מער ווי עקלהאַפטיקע צוטשעפּענישן צום קינסטלערישן לייב:

„דאָס שכינה־ליכט איז גאָר פון פלאַטערדיקע נאַפט־לאָמפּן
וואָס מאַניען קונים צו די טונקלדיקע פושקאַרטס"
(„די לעצטע געהיימעניש")

„אויב אונטערגאַנג — וויל איך אַליין דיין זיסקייט פון מרידה"
(„דער רעטונגס־שניט")

פאַר זאַמלער פון אַנטיקן אָן שום הינטערפּיסלעך וויל איך אָנווייזן אויף אַ ליד אין דער סעריע:

אונדזער סעודה.

„אונדזער הייליקער פאַראייניזאַמטער לויתן
ליגט אין שטריק געפאַנגען ביי דעם ברעג.
די מאַנשאַפט מיט דער נאַכט צונויפגעוואַקסן
חלומט וועגן צוגעזאָגטע גאָלדנדיקע טעג.

„די נאַכט פאַרכישופט און צעטראָגט פון זיך די נעפּל־ברעגן.
די שוואַרצקייט שווענקט די וואַסערן פון שטילקייט און פון רו.
דאָס האַרץ נאָר האַלט זיך לאַנגזאַם אין באַוועגן
מיט טיפע אָפּגרונטן, וואָס ברייטן זיך צום חושך צו.

„אין רויטן שיין פון זיך אַנטפּלעקנדער געהיימניש
וואַרטן אַלע אויפגערעגט און שטום
און לאַנגזאַם נענט זיך צו די צוגעשמידטע פיס
אַ זיסע שרעק, וואָס שטייגט און נעמט דעם האַלדז אַרום.

„עס זענען גאָר קיין ברעגן נישט פאַראַן
ס׳פאַרגייט צום הימל פון דעם ווייטן סומנעם פיש
דער שוואַרצער רוף פון אונדזער שטאַרבנדיקן קלאַן
און ס׳פאַלט פון זיך פאַנאַנדער אונדזער אָפּגענאַרטער
סעודה־טיש״.

די ראַפינירטקייט פון לידס זויבערער קונסט דערהייבט עס צו „טויט ביים וואַסער״, פון דער באַרימטער ענגלישער פּאָעמע „די וויסט־לענד״ פון עליאָט.

דער סכום פון מינקאָווס שאַפונגען מאַכט זייער אַ פיינעם איינדרוק. וואָלט איך זיך געוואָרפן מיט אַטעסטאַציעס, וואָלט איך לייכט געקאָנט זאָגן „גרויס״, „איינציק״, א. ד. ג. נישט ווייל עס איז אַזוי אין מינקאָווס פאַל, נאָר ווייל „געוויכטיקע״ קריטיקער האָבן עקסטאַטיש באַשאַנקען מיט די צונעמען לידער־זאַמלונגען פון דיכטער, וואָס זענען באַין ערך קלענער

פון אונדזער דיכטער. איך בין כמעט ווי זיכער, אַז „קיד קאַרטער" פאַר־וואַנדלט מינקאָווס פּאָעטיש אָנזיכט אין עפּעס אַזוינס, וואָס איז דערוויייל אַ חידוש צווישן אונדז. אָבער פונקט אַזוי ווי די פריערדיקע לידער האָבן דעם דיכטער געדינט ווי פאָרשטאַפּלען צו זיין „קיד קאַרטער", אַזוי, ווייס איך, איז די לעצטע געוויכטיקע פּאָעמע בלויז אַ פאָרוואָרט צו זיינע מער אַמביציעזע פּאָעטישע ווערק. עס איז קוים דערלאָזבאַר זיך צו ספקן, אַז ער קאָן פּאָעטיש באַהערשן זיין מאַטעריאַל. זיינע צוקונפטיקע ווערק, גלויב איך, וועלן אים אפשר אַרויסהייבן צו דער מדרגה, וואָס איינצלנע אין אַ דור קאָנען האָפן צו דערגרייכן. איך האַלט זיך נאָך צוריק מיט מיין גאַלקע; דאָך צווישן די דערוויילּיקע קאַנדידאַטן זע איך ווייניק פון די יעניקע, וואָס זאָלן אין דער מאָס — אויב אַפילו נישט די סאַמע העכסטע — פּאַראייניקן געשמאַקפולן פּאָעטישן חוש מיט טיפזיניקייט.

1925

# ר. פערשטער

דיסטינגירט מיינט — פאַרנעם, אויסגעצייכנט, אונטערשידן.

מיט דיסטינגירטן, פאַרנעמען אויסדרוק מיינט מען נישט — דאָס קאָפּויערע פון איינפאַכן, נאָר דאָס פּאָלאַרע פון שאַבלאָנעם. פאַר יעדן דיכטער איז איינס פון די שווערסטע זאַכן — פאַרנעמער אויסדרוק. דאָס איז אַן אויסשפּראַך וואָס טראָגט אין אירע פערזן־און־ווערטער געוועב־שטאָלצע ענערגישקייט, צערעבראַלע לײדנשאַפט און אַ פּאַטריצישע אינט־ראָספּעקציע. דאָס איז נאַטירלעך דער רעזולטאַט פון מערקווירדיקן פילן און העכסט אייגנאַרטיק דענקען מיטן צוגאָב פון אינטואַטיוון, איידל־קולטיווירטן געשמאַק (אַלץ, ווי זאָגט ערגעץ ניצשע, ווערט דערפירט צו געשמאַק). די באַשטימט־בריליאַנטע ליניע, וואָס ווערט פאַרקערפּערט אין אַזאַ פאַרנעמען אויסדרוק, קען נאָר זיין דער פּראָדוקט פון דעם דיכטערס „איך", פאַר וועלכן עס איז פונקט אַזוי אומנאַטירלעך צו דולדן אָפּגעניצע־טע פאָרמען און אויסגעלײדיקטן אינהאַלט, ווי פאַר דער נאַטור צו דולדן ליידיקן רוים. ווי באַוווּסט אַנטוויקלט זיך די מאַי־פליג, ביז אַ גע־וויסער סטאַדיע, אין וואַסער, אָבער נאָכדעם מוז זי באַלד אַנטרינען — אַוועקפליִען אָדער דערטרונקען ווערן. זייער ווייניק פון אונדזערע אָנפאַנ־גענדיקע פּאָעטן אַנטרינען און וואַקסן. דער גרעסטער טייל טרענקט זיך אין די פאַרוויינטע יוגנט־פלאַכקייטן און אומגעניטקייטן. לייענענדיק די מערסטע מערהייט פון אונדזערע דיכטער, מוז מען קומען צום שלוס, אַז פון אַלף ביז תיו קלינגט און דרינגט אַלץ, מיט שווידערלעך קאַרגע אויסנאַ־

מען, ווי עס וואָלט געווען איין שמאָלער ענין פון איין שמאָלער פּערזאָן ביי וועמען עס צישעט אַ פּאָעטיש אָדערל. (אַ צווילינג, אין יעדער נאַטור־דערשיינונג, זעט אויס ענלעך ווען זיי זענען ביידע דער פּראָדוקט פון דער־זעלבער זוימען־צעל). ווייל צוריקגעשמועסט, נישט אַכטנדיק אויף קיינע כיתות, שולן אָדער וואָסער אַנדערע גרינטלעכע (מערסטנס אויבערפלעכ־לעכע) צעטיילונגען צווישן אונדזערע פערזן־שרייבער, וויפל זענען בכלל פאַראַן היינט ביי אונדז, אויף וועמען מע וואָלט נישט געקענט גערעכטיק באַנוצן די ווערטער פון עלען טעיט אין זיין איבערזיכט וועגן מאַרק וואַן דאָרענס לעצטן בוך לידער „אַ ווינטער טאָג־בוך און אַנדערע לידער": „זאָל דאָ ביים אָנהייב גלייך געזאָגט ווערן, אַז מר. וואַן דאָרענס הויפּט־חסרון ווי אַ דיכטער איז, קאָנטיק, די לייכטקייט פון זיינע אויסדרוקן. עס איז, האַלט איך, גאַנץ רעכט צו קוקן דערויף מיט חשד אין אונדזער דור".

אין 1927 „אונדזער בוך" קומט ר. פערשטער מיט אַ סעריע „עטיודן", און שוין דער ערשטער טראָט אירער, „ווילדע ציג", איז באַטייטנדיק, מחמת פעסט, געליטערט, קאָמפּאַקט און אַזוינאָך איינדרוקפול. איטלעכע דערפאַרונג אירע איז אַ דיכטעריש פעסטגעשטעלט ווערק. זי הייבט אָן, פירט דעם ריכט־שנור געאיבט דורך יעדן עטיוד, און פאַרענדיקט אים „אָן קונצן". די פולקומע געאיבטקייט אין די עטיודן איז דער חסרון פון אַ „צו שיינער כלה". עס מאַכט דעם איינדרוק אַז קיין נערוו־ווענד, מוסקול־און זין־נייג איז נישט געגאַנגען לאיבוד. ס'איז ווינטשנסווערט צו באַמערקן, אַז די דערפאַרונגען, וואָס ווען דער שכל איז זיי מפרש, זענען זיי היפּש באַנאַלע, ווערן ווי ליד־פּולסירונגען פון דעם לעזער אויפגענומען מיט דערפרישטן אָנרעג פון גענוס וואָס האַלט אָן בעתן דורכלייענען די „עטיודן", וויפל מאָל מע זאָל זיי נישט האָבן געלייענט. דאָס הייסט ממש, אַז דער קינסטלער שאַפט יעדן מאָל אויפסניי און איז נישט באַגאַנגען די געשמאַק־לאָזיקייט, ווי אויך דעם אוממעגלעכן פּרווו צו באַשאַפן איין מאָל אויף אַלע מאָל.

אין פאַרגלייך מיט „עטיודן" זענען „קראַיקעס" שטיפערייען, לויף־מאָמענטן, און דאָך ווירקן זיי, פּונקט ווי „עטיודן", דיסטינגירט־אויסדריק־לעך. אין „וועלט־אָפּשיינונג" כאַפּט זיך ווו אַריין אַן אויסזען פון זאַכן נישט אַזוי ריין קינסטלערישע ווי די אַנדערע, אָבער דאָס פּאַסירט, ווי אַ פּאַוזע, צוליב גרעסערן עפעקט. גלייך ווי דער דיכטער וואָלט אָפּגעצאָלט מס פאַר

געוויסע אידייען וואָס דער טאָג שטעמפּלט מיט רעלאַטיווע ווערטן בלויז. דאָ און דאָרט קען מען אין אירע זאַכן באַמערקן צופלוסן פון דער רוסישער „אַפּאָלאָן"־עפּאָכע. זיי שאָקירן נישט דערפאַר שוין, וואָס זיי זענען דער דיכטערין ביז־גאָר אייגן. די „סעסטינעס" פאַרראַטן ווייטער נישט דעם פאַראַנטוואָרטלעכן אויסוואַל פון איר שטאָף און זיין אויסדרוק. מ'באַמערקט נישט קיין נאָכלאָזיקייט און פאַרלוירנקייט אויף אַ מאָמענט אַפילו. די דיכטערין קלייבט, ממש פאַר אייער מבינות אין די אויגן, דאָס, וואָס זי באַווילט פאַר זיך און דערהייבט עס צו פאַרנעמען אויסדרוק וואָס פאַרבלייבט, וויפל מאָל איר זאָלט עס נישט לייענען, פריש און אַנטפּלעקנדיק. אָפּגערעדט אַז זי פאַרמאָגט שטעלנוויז אַ טרעפלעכן באַמערק וועגן קונסט־לאָגאָס וואָס איז זעלטן אין אונדזער פּאָעזיע:

„אין אַן ערלעכער צייט לעבן־אויף גן־עדן קינדער
און מאַכן אַ טור אין שפּיגל נייע גיהנום פּלאַמען"
(אַ געשעדיקטער רינג, „סעסטינעס").

די לידער „אין ענדערונג אַ פּאָרטרעט" און „אַ ברעג" דערנענטערן זיך צום ליד פון אָנגעגומענעם טיגל, אָבער אויך דאָ איז דער ריטם קיינעמס ווי ר. פערשטערס. יעדער באַהויפּט אירער איז פאַרזיגלט מיט דעם טעלעסקאָפּירנדיקן מעטאָד וואָס זי האָט אויסדערוויילט. פרעסנדיק די עסענצן פון וואָס פאַר אַ קעגנשטאַנד ביז צום לעצטן טראָפּן, באַהויפּט זי זיי אַלע אַזוי אַריינפּאַסנדיק, אַז זיי בייגן זיך נישט, און קיין שרייפל פון דעם טעכנישן מעכאַניזם איז נישט לויז.

אין קינסטלערישער סעקווענץ קומען „געבלי־שורות" פריער. די דריי לידער זענען עקספּערימענטן אין איר אייגענער טעכניק. „מעלאַנכאָליע" איז מער פאַרענדיקט ווי „אידיליע", און „שטרייפן" איז דורכויס וואָרט־עקספּערימענט, אין אַ געוויסן זיז ווינציקער, אין אַן אַנדער זין מער וויכטיק, פאַר איר, איידער אַזוי ליד־עקספּערימענט ווי „אידיליע". ווינציקער וויכטיק פאַר איר איז דער וואָרט־עקספּערימענט דערפאַר, וואָס אין סכום פון אירע געדרוקטע זאַכן איז במילא זעלטן צו טרעפן איבערגעחזרט אַ זעלבסטשטענדיקן אָביעקט, אַ קעגנשטאַנד־אָפּשפּיגל, (וואָרט־סימבאָל, אידעאָגראַף), אַזוי אַז אין דעם פּרט איז איר סומע שאַפּו, פון לעקסיק־שטאַנדפּונקט, סיי־ווי אַן עקספּערימענטאַלער. מער וויכטיק אָבער איז דער וואָרט־

עקספּערימענט פאַר איר צוליב דעם, וואָס אין „שטרייפן" דערלויבט זיך ר. פערשטער דעם פאַרגעניגן, און נעמט אויף זיך דעם עול, אַריינצופירן דעם לייענער צוריק אין דער לאַבאָראַטאָריע און אים ווייזן, אַז דאָרט, ווו עס קען זיך דאַכטן אַז עקספּערימענט פון וואָרט זאָל איר גאָרנישט ליפערן — שוין דערפאַר וואָס די אייגנשאַפט איז אַנטהאַלטן אין יעדער זאַך אירער — צעפּעדעמט זי אַזוי דאָס ליד ווי אַ גאַנצס, אַז עס בלייבט דערפון, אויב נישט קיין אין סאָלידער פּאָעטישער ווערט, ווי אין אַ ליד, טאָ איז עטלעכע אַנגעהויפטע מינדער־טיילן, וואָס ברענגען אַרויס אַ מאַקסימום ווידערווילן קעגן באַנאַליטעט און אַ געוואַגטקייט צו פליען אויב עס זאָל אַפילו דראָען מיט געניזוקט ווערן.

אין די דריי לידער „צוגאָב" קערט זיך אום ר. פערשטער צוריק צום עסענץ פון אירע פריערדיקע ווערק. דעם צמצום־אויסדרוק, ווי אין „עטיודן", איז דורך אויסגעהאַלטן מיט אַ געוויסן אַראָפּפאַל אין ליד „דריי צייכנט", וואָס דערנעענטערט זיך ווי ווייט מעגלעך צו די „קרייקעס".

דאָס וואָס טייל, אפשר די מערסטע, פון דער שפּאָרער צאָל לידער, וואָס ר. פערשטער האָט פאַרעפנטלעכט (און זיי זענען דאָ כמעט אַלע אויס־געדרוקט געוואָרן), האָבן אויסער קינסטלערישן באַטייט, אויך אַנדערע באַ־טייטן; דאָס וואָס זיי דריקן אויס אַ קאָמענטאַר אויף פּיין, פרייד און ווער ווייסט וואָס נאָך אין די טויזנטער אָפּטיילן און מינימאַלסט־צעפּאַסמעטע באַטייטן פון וואָס און מיט וואָס אַ מענטש לעבט, — דאָס גייט אונדז דאָ נישט אָן. ווי געזאָגט, גילט אין דער קריטיק אַזאַ זאַך ווי פאַרוואַנדלען דעם קינסטלערס ווערק אין אַ פאַרשייכותטן רעקאָרד פון זיין לעבן. זיכער איז עס אַ באַרעכטיקטער צוגאַנג ווען עס פאָדערט זיך פעסטצושטעלן דעם רעקאָרד צוליב גרינטלעכן פאַרשטיין און נישט לשם פּליאָטקע. איך האָב ביים סאָמע אָנהייב צוטריט, צו ר. פערשטערס לידער, זיך אויסגעדריקט, אַז „איטלעכע דערפאַרונג (אין אירע „עטיודן") איז אַ דיכטעריש־פעסטגע־שטעלט ווערק". אויף קיין איין מאָמענט לאָזט זיך נישט טראַכטן, אַז די דערפאַרונג באַציט זיך צו דעם קינסטלערס דערפאַרונגען אין לעבן. עס רעדט זיך אויסשליסלעך פון דערפאַרונג אין דער קונסט־לאָגיק. אין דעם זין איז פערשטערס ליד נאָענט צו דער טעקסטור פון קעגנוואַרטיקן לעבן. און דאָס שטעמפּלט זי ווי עכט היינטיק. למשל, ליבע און האַס זענען ביידע אַבסטראַקציעס, וואָס פאַרבלייבן אומפאַרענדערט דורך אַלע צייטן. וואָס

פאַר אַ פּאָעט זאָל זיך נישט אָבסערווירן אין איינעם פון די צוויי צושטאַנדן — קיין אונטערשייד, קיינער פון זיי וועט נישט אָפּשטיין פון דער קעגנ־וואַרטיקער דערפאַרונג אַזוי לאַנג ווי די קאַפּאַציטעט צו ליבן אָדער האַסן עקסיסטירט און וועט עקסיסטירן. ווען אַ דיכטער וויל איינעם פון די צושטאַנדן באַהאַנדלען פּאָעטיש, וועט ער, דער עיקר, קאָנצענטרירן דערויף זיין גאַנצע אָרדנטלעך־פאַרדייעטע דערפאַרונג, די דערפאַרונג ספּעציפיש פאַר אים פערזענלעך, אייגן דורכגעלעבטע, וואָס וואַרצלט זיך אין אים. די דאָזיקע צענטרירטע אינטענסיטעט, דער גראַד פון דער דערגרייכטער ספּעציפישקייט, אונטערשטיצט אָדער באַזייטיקט די באָדנפעסטקייט, די באַרעכטיקונג פון ליד. די פּעיִקייט צו מאַכן אין אַ ליד אַרטיקולער און ברענגען צום שלימותדיקן פּאָעטישן אויסדרוק די ברייטסטע, פאַרצווייגטסטע און טיפסטע טעקסטורעלע אימפּליקאַציעס פון אַ דערפאַרונג — דאָס באַצייכנט דעם גרויסן דיכטער. בלויז ער האָט די געשיקטקייט צו דיפערענצירן, צו פאַרשיידענען דעם כאַראַקטעריסטישן ניואַנס, די סאַמע עסענץ פון דער אומגעפעריקער אַבסטראַקציע — ליבע אָדער האַס. זאָל דער לייענער אורטיילן ווי פערשטעטער ספּראַוועט זיך מיט די, ווי אויך מיט אַנדערע אַבסטראַקציעס, וואָס וואַרצלען זיך אין אונדזער ביאָלאָגישקייט און זוכן אַן אויסלייז אין וויסן, פאַרשטענדעניש און חכמה.

די קונסט־לאָגיק איז אַ קייט רינגעלעך: די רינגעלעך זענען די אויפגענומענע דעטאַלן, וואָס דאַרפן זיין סעקווענט גענוג צו פאָרמירן די גאַנצע קייט, לאַנג צי קורץ, אָבער פאַרענדיקט, און נישט האָבן קיין שייכות אין איר קינסטלערישן איינצלוועלט, מיט אַנדערע דערפאַרונגען וואָס חזרן בלויז איבער די פּראָצעדור. אויב, למשל, אין די „עטיודן" זענען נישטאָ קיין לענגערע אָדער קירצערע „קייטן" (און מיט „לענגערע אָדער קירצערע" ווערט דאָ געמיינט בלויז „פּראָפּאָרציע"), זענען אָבער זיכער פאַראַן רעלאַטיוו־קאָמפּאַקטערע, פולקומענערע, אויב נישט אין פאַכמענישן, איז אין עמאָציאָנעלן, אָדער אויפפאַסנדיקן זין. די קאַמעאָ־ און אינטאַגליאָ־געשליפענע „ווילדע ציג", „פּאָליאַנט", „צווישן", „אונטערשטע ליפּ", „מילשטייער" זענען, קאָנטיק, איר דערגרייך, ווי אַ פאָרנעמער קאָמענטאַר אין קונסט־לאָגיק. דאָרט ווו אירע לידער זענען נישט, ווי די בעסטע פון אונדזער דור זענען, די לײדנשאַפט פון אינטעלעקט, זענען זיי קריטיק אויף אַזויפיל אויף וויפל זיי אַטעסטירן דעם אינטעלעקט פון לײדנשאַפט.

פאַרשטייט זיך, אַז אויב פערשטערס לידער האָבן נאָך ביז איצט דעם גורל פאַרמיטן, וועלן זיי נאָך זיכער דערלעבן די כשר־פאַרדינטע אויסצייכענונג פאַרדאַמט צו ווערן ווי „אינטעלעקטואל", „מעטאַפיזיש", אָדער באַהיט זאָל מען ווערן — ווי „געדראַפּעט זיך אויף די גלייכע ווענט". לויט אַ געוויסער נגע צרעת, וואָס איז אַ געמיש פון קראַנקער גאַל און איינפאַכער איגנאָראַנץ, ווערן די סטיגמאַטן באַנוצט פון אַ סך אינפאַנטיליסטישע „קריטיקער" אונדזערע — „אונדזערע סופרימסטע (?) עסעאיסטן" ווי אַ זשורנאַליסטישע שמאַטעלאַניק אָדער אַ גואַנאַ־גייענדיקער פערזנפלעכטער, האָט נישט לאַנג ערפורכטיק באַצייכנט אונדזערע צווערגלעך־פוסקים אין דער „געזעצטער" ליטעראַטור. באמת זענען עטלעכע פון זיי פאַרוווינטע מה־יעשהניקעס און פאַרפליסנעטע זאָקן־דריבלענדיקע פיפערנאָטערס און אַנדערע איינפאַכע הינערפרעסער (פאַרטענאָפאַגן בלע"ז), וועז זיי האָבן נישט קיין גוט וואָרט צו זאָגן וועגן דער פּאָעזיע וואָס, ווי זיי ברייען, געפעלט זיי נישט, און, וואָרער צו מאַכן דעם ענין, זיי פאַרשטייען נישט. זיי זענען אַזעלכע גאָט־באַרופענע ספּעצן און האָבן דאָך, נישט אומזיסט, די אומגליקלעכע געשיקטקייט צו באַמערקן דאָס אומנויטיקע און פאַרזען דאָס פּאָזיטיווע, וויכטיקע.

„פאַר אַ פאָלק, וועמעס פּרעטענזיעס זענען אַזוי בנעימותדיק ווי ביי די דייטשן (אַפילו נישט איינער פון 1.000 באַמייסטערט פולקום זיין געשריבענע אָדער גערעדטע שפּראַך, ווייל אין דייטשלאַנד קען אַ מאַן קריגן אַ מיניסטער־פּאָרטפעל אָדער ווערן אַן אוניווערסיטעט־פּראָפעסאָר נישט קענענדיק דייטש), פאַר אַזאַ פאָלק איז עס מסתם פון גאַנץ קליינער וויכטיקייט וואָס זיי פאַרמאָגן אַ פּראָלעטאַריאַט קריטיקער פונקט ווי אַ פּראָלעטאַריאַט דאָקטוירים און לעזער" (מיין קורסיוו — מ. ל.). אויב די ווערטער פון הערמאַן העסע, (לאַנג פאַר היטלערס צייטן) זענען באַרעכטיקט, טאָ מה נאמר ומה נדבר מכוח אונדזערע געניאַליטעטן אין די דערמאָנטע געביטן, דער עיקר אין דער קריטיק?

צום סאַמע ערשטן, וואָלט ווער פון זיי געזאָגט, אַז ר. פערשטערס לידער „גייען אויף שטאָלצן", און נישט גייענדיק „נאַטירלעך" „אוממיטלבאַר", לויט זייער אויפאַסונג פון די אומשולדיקע ווערטער, זענען פערשטערס פערזן קיין פּאָעזיע נישט. אין דעם אַד נאַוזעאַם־אַרגומענט מכוח נאַטירלעכקייט און אוממיטלבאַרקייט אין פּאָעזיע, איז שוין כמעט ווי אַן עטאַב־

לירטער פאַקט, אַז די מערערע פּראָדוקטן פון די „נאַטירלעכע" זענען „אוממיטלבאַר" ביז צו אַזאַ גראַד, אַז אַ פיינער חוש דערפילט באַלד זייער אומצווייפלהאַפטע פאַלשקייט. צו די „נאַטירלעכע", וואָס האָבן זיך צוגע־קאָלופּעט אין די האָניק־סאָטעס פון אונדזער פּאָעזיע געהערן אַ היפּש ביסל „אַלטע", „יונגע", „ראָזע נאַרציס־ליליען"־קאָלירטע, בלאַנקיטנע, אומקוואַלי־פיצירטע און אַפילו „אינזיכיסטן", וואָס נוצן געשיקט אַ געוויסע פאַלש־געמיינצטע פּאָעטישע שפּראַך, שטימונג אָדער ליריק־סטערעאָטיפּן. כאָטש זיי שיינען אויפן ערשטן בליק צו האָבן זייער ווינציק געמיינזאַמס כדי באַגלייך באַצייכנט צו ווערן, איז אָבער דאָס „נאַטירלעכע" אין זיי גע־מיינזאַם אומנאַטירלעך און שיינבאַר פאַלש.

אמת, די „נאַטירלעכע" לידער (לייען: שלעכטע לידער) זענען נישט ספּעציפיש דער פּראָדוקט פון היינט. אַ סברה, אַז פון קדמונים אָן האָט דער טיפּ שירים דאָמינירט, נישט נאָר אין אונדזערער, נאָר אויך אין דער וועלט־פּאָעזיע. „נאַטירלעכע" האָבן זיך פּראָעקטירט מיט זייערע געפילפולקייטן, געפילעכצער און מאָגערן געשמאַק „אין דער עוויגקייט". געשריבן האָבן די אַלע, מערסטנס, איינפאַך, פּשוט, מיט „גרויסע", „שטאַרקע", „מעכטי־קע", „ריזיקע" שלאָגווערטער, וואָס זענען העכסט איבערראַשנדיק אַרום דער הרובע און וואָס קלינגט „מאָנומענטאַל" אַרום די דייזשעס אד"גל.

מאַנכע פון די „נאַטירלעכע" „נישט־געפעלשטע" זינגען צום איבל־דיקן וויפלמאָל ,אַז זיי זענען שיין, פיין, „ערהאבן", ערלעך, אַז אַנדערע טויגן אויפן פייער, אַז די צוקונפט איז זייערע אויסשליסלעך און קאָפּירירט מאָדערניזם! מיר, זאָגן זיי, זענען די מאָדע, דער אייביקער פאַסאָן, דער שענסטער פאַסאָן, די אמתע מידה־מאָדע. און זינט מיר זענען דאָך אַלע לעבעדיקע מענטשן אויף גאָטס וועלט, טאָ (מיט אַ טראַך אין פּיסק און אַ פּלעם אין דער מאַרדע!) וויסט זשע אויך פון אַ לעבן צו זאָגן! און ווי נאָך הו־האַ! ווי מיר לעבן עס! טאָ (מיט אַ שפּיי אייך אין פּנים און אַ שנייץ אין אייער צלם אלוקים) גאָרגלען זיי אייך אויס אַ ביסנקעלע פיינע פּרעכ־טיק־נאַטירלעכע מוזיק, פּאָעזיע, אָבער די גאָר־גאָר אמתע, נישט די פּניעכעמדיקע פון די „מאָדערניסטן", פון וועמעס באָבעס זיי לאַכן. און מערקווירדיק, ווי דערפאָלגרייך, די „נאַטירלעכע" טוען זייער אַרבעט. אַלע אומבאַדינגט גרויסע (זייער גלייכן) מבינים זאָגן דאָס זעלבע, און די זעל־בע אָפּגעשיבטע ווערטער, מיט דעם זעלבן אומגעלומפּערטן זאַצבוי. פּונקט

אַזוי שאַטירלאָז, מיחושדיק, שפּראַך־געבריכט. אַבי גאָט האָט זיי געשאָנקען אַ גאָרגל אויסצושרייען נאָכאַמאָל ווידעראַמאָל, איבעראַמאָל דאָס זעלבע ביז צום טויט און נאָך דעם טויט נודנע, לעפּישע, פּאַסקודנע, עטצ...

איז פאַראַן עפּעס אויף די טענות פון די באַשעפענישן צו ענטפערן? דער גרעסטער טייל פון די מאָנערס האָט באַוויזן איבערצייגנדיק, אין באַהויפּ־טונגען און אַרגומענטאַציע, אַז דעם באַפרידיקסטן און צוגלייך פאַרדינטן ענטפער אויף זייערע מיינונגען קען זיי אַ הונט אַ סך בעסער געבן: דורך בילן. עס דאַרף זיין קלאָר, אַז מע דאַרף זיין חסר־דעה אָדער אַ ווולגאַריאַן, צו ווערן משיג־גבול זיין אַ „באַטירלעכן" קינסטלער ווי אַ „באַטירלעכן" קריטיקער.

אַזוי ווי איך האָב שטענדיק געהאַט אַ נעגאַטיווע מיינונג וועגן אונ־דזערע קריטיקער, וואָלט עס מיך באמת געבראַכט אין אַ פאַרלעגנהייט זיי ווילצוגעפּעלן, סיידן די זאָגענאַנטע קריטיקער וואָלטן פריִער זיך אויס־געמענטשלט און טאַקע צוגעקראָגן אַ ביסל אינטעליגענץ...

ר. פערשטערס פּראָזע און פערזן זענען פאַר אַלעמען און נאָך אַלעמען פּאָעזיע. אויב דער אַטריבוט „שטאַרק" מיינט עפּעס, קריגט ער אַ זין אין אַן אָנווענד צו אירע געציילטע ווערק. פאַר דעם קענער פון אונדזער פּאָ־עזיע, מוזן אירע „עטיודן" אין לידער זיין אַ דערגרייך, ווען אַפילו אַ קוואַ־ליפיצירטער דערגרייך. אַפילו אירע אָפּטמאַליקע נישט־בכיוונדיקע אינט־ריגעס פון ווערטערלעכע מעכאַניזמען זענען דער קונסט באַטשאַפּטערס.

איר ליד איז אויך נישט עזאָטעריש, נאָר פאָרנעם און העכסט־קוואַלי־טאַטיוו און טעקסטור. עס מערקט זיך בולט איר באַוווסטזיניקער אויפטו מיט דעם געוועב (טעקסטור), ד"ה, די קלאַנג־עפעקטן און ווערטער און דער איינפלוס וואָס דאָס האָט אויף ריטם. ביי העכסט־אינטערעסאַנטע דיכ־טער ווערט דער מיין, דער זין פון ליד אָנגעדייט פון טעקסטור און ריטם. דאָס איז דער איינציקער אופן ווי זיי דריקן אויס אינהאַלט. ממשותדיקע אויסדריקלעכקייט איז אין אַזאַ פאַל, אַ האַמעטנער אומגעווינטשענער גאַסט. ביי ר. פערשטער אָבער, זענען די קוים־זעבאַרע און סובטעלע ענדערונגען אין לויף פון דער שורה אויך העכסט־מערקווירדיק, אָפּגעזען פון דעם באַ־טייט, דעם זין, אָדער פון די אַסאָציאַציעס וואָס די ווערטער טראָגן אין זיך.

אויב איר סכום שאַפן איז נישט גרויס, איז עס דערפאַר ווייל מיר האָבן נאָך אפשר כלל נישט דעם מאַסשטאַב.

עס איז גלאַט נישט מעגלעך אָנצווווענדן דעם אַדיעקטיוו „גרויס" אויף אונדזערן אַ צייטמענטש, און פילן אַז מ'האָט דערמיט פּאַרצייכנט עפּעס פּאָזיטיווס. אויב גרויסקייט אין פּאָעזיע מיינט אַ פֿאַרשיידנפֿאַרביקע רייכקייט אין „קאָנטראַפּונקטישע פּילזייטיקע רעפערענצן" און אַ שלל איבערטענער כדי צו פֿאַרדינען דעם נאָמען „עכטער מוזיקאַלישער פערז"; אָדער דעם סקולפּטורעלן עלעמענט, וואָס פֿאַרוואַנדלט פּאָעזיע אין דער העכסטער פּלאַסטישקייט; אָדער אַ קרישטאָל־קלאָרע קראַפט, וואָס זאָל פֿורעמען די בלענדנדיקע אידייען־פּאָעזיע — אויב דאָס איז די גרויסע פּאָעזיע, קען מען לייכט איינזען די ספּעציפֿישע סיבות פֿאַר יענע, וואָס זענען שפּאָרעוודיק מיט דעם אַדיעקטיוו „גרויס", צוליב וועלכע זיי מעגן זיך צוריקהאַלטן פֿון באַצייכענען נישט בלויז ר. פֿערשטערס, נאָר וועלכע־עס־איז אַנדערע ייִדישע קאָנטעמפּאָרערע פּאָעזיע פֿאַר גרויס. וואָס איך וויל אָבער יאָ באַהויפּטן איז, אַז אין איר העכסטן דערגרייך פֿאַרמאָגט איר פּאָעזיע גענוג אינטענסיטעט וואָס איז זייער, זייער זעלטן אין די העכסטע מאָמענטן פֿון אונדזער היינטיקער פּאָעזיע. אין אַזעלכע מאָמענטן שטייט איר קיין זאַך נישט אין וועג, זי דערפֿליט צו איר בילד אָן שטערונג, און דער פערז קריגט זיין השלמה אין דעם געהעריקסט־געשליפֿענעם פּינטל... פּיפּיק, — ווי אַ באַצייכענונג, — קען אויף אירע זאַכן נישט גילטן, ווייל דער ערגסטער דורכפֿאַל אירער שטייגט אַריבער דערפֿאָלג־דערוואַרטונגען פֿון דעם מין. עלעגאַנץ און פֿאָלירטער געשמאַק מיניען זיך אין פּירבאַוועג פֿון כמעט איר יעדן זאַץ און פערז. פּונקט אַזוי איז זי אויך באַוואָרנט קעגן אַ באַשולדיקונג אין פּרימיטיוון אַקטיוויזם, דער לעצטער באמי, דער נייסטער שטריך אין אונדזער ווי אויך אין אַנדערע ליטעראַטורן.

אירע ווערק פֿאַלן נישט אַריין אין דער קאַטעגאָריע פֿון גערטרוד סטאַינס „אַ רויז איז אַ רויז", כאָטש ס'איז ווערט צו דערמאָנען ענגעלסעס אַ ביישפּיל פֿון פּרווון אין אויסדרוק־נאַיִוויטעט דערגרייכן אָדער הינטערשטייגן אַ קינד: „די רויז איז אַ רויז, די רויז איז נישט קיין רויז. די רויז איז אָבער פּאָרט אַ רויז". מע מוז דאָך דער רויז געבן די געהעריקע אַטמאָספער, ווייל בלויז קינדער און אומאַנטוויקלטע דערוואָקסענע קענען טראַכטן, אַז אַ רויז איז אונטער אַלע אומשטענדן אַ רויז. כדי צו זיין איבערצייגנדיק דאַרף מען אַמאָל די אויגנשיינלעכקייט אַפּירמירן, אַפילו מער מאָל ווי די סטאַין טוט עס. אָפּטמאָל איז אַ רויז, ווי וואָס־עס־איז אַנדערש, גאָר

אַזוינס, וואָס פאָדערט אַ נייעם אופן פון פאָרשטעלונג, און אַ נייעם אידעאָ־גראַף אין געשריפט.

קיין צווייפל נישט אַז דער ערשטער קלאַנג־טראַט, מעלאָדיע, איז נישט די הויפּטשטריכיקע מעלה פון איר געזאַנג. טאָנאַליטעט, די העכערע סטאַ־דיע, הערט זיך גאַנץ עמפאַטיש דורך אַלע אירע קאָמפּאָזיציעס. אָפטמאָל פאַרנעמען מיר אַ גראָטעסקע פּאָליפאַנישקייט, די אַנטוויקלונג פון פשוטן מעלאָדישן זאַץ (Plain song). זי וועט אויך קיין געפיל ניט אי־בערגעבן אין דער טערמינאָלאָגיע פון אַ דיכטערישן סטערעאָטיפּ. אַ לע־זער, וועמען ס'איז ניחא זיך לאָזן שווימען אויף די בלעזלעך פון געשמאַק־לאָזן אומאָריגינעלן לעקסישן געברויך, קען אַוודאי נישט פיל אימפּאָנירן פערשטערס לידער, מיט זייער עקספּלאָזיווער קאָמפּאַקטקייט פון וואָרט, וואָס איז מערסטנס דער סימבאָל פון געצאָקטן פעלזשטיין. איר צוגאַנג איז נישט פון אַ „פּאַרריסענעם קאָפּ", אַ קינסטלער אַ צוואַן. דער באַרו־פענער לעזער וועט באַלד איינזען דעם פאַרגעניגן אין לייענען ווען דער שכל, דער געדאַנק און די געפילן ווערן שטענדיק גענערט פון נייע פּאָע־טישע סימבאָלן, וואָס ער וועט קענען, לעזעריש געניט, דערפירן צו נייע קלאָריפיצירונגען, געגנוסהאָפטן פאַרשטענדעניש. אינטעלעקטועלע סטאַג־נאַציע — דאָס איז דער גרעסטער איינגעבירגערטער שונא פון דער היינ־טיקער יידישער דיכטונג און אירע לייענער. לויזע סימבאָלן, צעדריבלטע אימאַזשן, זשאַווערע עפּיטעטן, קינדעריש־שלאַבעריקע פאָרמולירונגען, טשאַד שטאָט אויפלויכט — די אַלע זאַכן זענען פרעמד פערשטערס פּאָעזיע. אירע לידער זענען באַצירט מיט ברילאַנטענע דורכלויכטנדיקע וואָרט־סימבאָלן און חריפותדיקע סטאַנסן, קופּלעטן אָדער פרייע זאַצן.

***

ר. פערשטערס אופן טראַכטן און שרייבן קומט פון קוואַלן, וואָס זענען נאָך אַלט־נײַ אין דעם זין וואָס די קוואַלן זענען נאָך נישט קיין גרינטלעך דורכגעשטודירטע. זי איז רייף גענוג זיי צו באַטראַכטן ווי אין דער קאַ־טעגאָריע פון דער פאַרגאַנגענהייט — אַ סימן, זי אַרבעט אין דער טראַדיציע און נישט אין דער „שול". באַדלערס „פלער דע מאַל" האָט ווי־עס־איז געהאַט אַ דירעקט־אומדירעקטע ווירקונג. פּאַראַן אפשר אויך אַנדערע, וואָס מיר קאָנען נאָך דערווייל נישט דעשיפרירן. דירעקט און אומדירעקט האָבן

אויך מסתם געווירקט אַ בינטל שרייבער וואָס האָבן געשריבן אין יעדן סטיל אונטער דער זון און האָבן פאַרשווענדט אין ערגסטן פאַל — און אין בעסטן פאַל פאַרבראַכט — אַ היפּשע צייט קעמפנדיק צווישן זיך. פון די דאָזיקע שרייבער וואָלט יעדער איינער מסתם צוריקגעוואָרפן, און מיט רעכט, די אימפּוטירונג פון חסידות און נאָכפאָלגערשאַפט. מילד גערעדט איז עס נאָך אַלץ דאָס געזונטסטע און ריגאָראָוזסטע בינטל אויף אונדזער ליטעראַרישער גאַס, נישט אַזויפיל אין זינען פון רעוואָלטירן קעגן די פאָרלויפער, ווי אין אַסערטירן „יאָ־זאָגן", אויסדריקן. אַ סך פון דעם בינטל האָבן פאַרמאָגט סימפּאַטישע רעוואָלטירנדיקע אידייען.

אין אירע לידער ציט אונטער ר. פערשטער אַ רעזומירנדיקן סך־הכל פון אָט־דער באַוועגונג: אַ קעמפעריש גייסט, פרישקייט פון געפיל, קוריאָזיטעט, דעם קוראַזש פון איר אייגענעם אַטיטוד און אידיאָם, אַן ענערגיש זוכעניש פאַר די מעטאָדן און דעם זין פון קונסט. אירע עטלעכע געדרוקטע לידער האָבן נאָך פאָזיטיווע מעלות פון אַן אינדיווידועלן טעמפּעראַמענט: געזונטקייט לגבי שלאַבעריקייט, און דעם באַגריף פון גלאָריע אין איינפאַכסטן קעגנשטאַנד און באַגריף.

דער חסרון איז וואָס מאָטיוו און געפיל האָט נישט אַזאַ ברייטן פאַרנעם ווי די טעכנישע ווירטואָזיטעט וואָס יעדער ליד טראָגט אויף זיך. אין אייניקע זאַכן פירט די קעגן־עמאָציאָנעלע טענדענץ צו אומאיבערצייגלעכקייט. אין אַנדערע, ווו די קינסטלערין באַנוצט דעם צמצום־אויסדרוק אַזוי אומיסטן ווי עס איז נאָר מעגלעך עס אַרויסצווייזן, איז דער רעזולטאַט געוואַלטיק דערפאָלגרייך. אָפטמאָל מאַכט די אָנגעשטרענגטקייט פון אויסדרוק, וואָס איז אין זיך גופא נישט טראַגיש, פאַר זייער טראַגיש אין באַגריף. די רעאַליטעט איז אָפטמאָל פאַרקליידט אין רויען־וואַנזין, פאַרמיידט אָבער היסטעריע און טרעט אַרויס ווי אַ פולקום אויסגעדריקטער זין.

די אָביעקטיוויזירונג פון זאַכן איז ווייט פון ניכטער, אָבער דער סטיל איז אומעמאָציאָנעל רייך. אומדירעקטקייט אין ווענד איז קיינמאָל נישט ציין־פאַררעדעריש, נאָר אוטיליטאַריש, מיט אַ מין סימבאָליזירט. די עראָס־באַגריפן, וואָס זענען אויסגעדריקט אין די מערסטע לידער, אַנטפּלעקן זיך נישט ווי זיי זענען אַ קראַנקייט־צושטאַנד, אַ דראָונג אָדער אַ מין פאַרליישונג פון הבל הבלים, אָדער אַ מין זאַך, וואָס מען באַטראַכט דורך אַ מיקראָסקאָפּ, אָדער די פּרוכט פון „אָריגינעלער זינד", אין טעאָ־

לאָגיש־קריסטלעכן זין פון וואָרט אָדער ווי אַ קאַמף צווישן די געשלעכטער, אָדער פּאַר קיצלדיקן צייט־פּאַרטרייב. זי גלויבט באמונה שלימה אין ליבע און ראָמאַנס און איז אין דעם פּרט אַן ערשטלינג, אַ נייע זאַך אין אונדזער ליטעראַטור. אַנדערע זאַכן אירע אַנטפּלעקן אַ דערוואַרקסענע אינטעליגענץ, אַ דעסקרימינירנדיקע פאַרשיידענונג, וואָס שפּילט מיט דעסטרוקטיוון הו־מאָר אויף דער טעמע פון געשלעכטלעכע פּאָראורטיילן און ליבע־פּרעטענ־סיעס צווישן מענער און פרויען. אייניקע זאַכן אַנטפּלעקן דעם סובטעלן אויפטו אין אויפוויקלען קאָמפּליצירטע פּרעדיקאַמענטן פון דעם מענטשלעכן האַרץ. אייניקע זאַכן אירע באַווייזן די שוואַכקייט פון איר לירישקייט וואָס איז נישט, באַשטימט, קיין פּאָעזיע.

אייניקע זאַכן האָבן אין זיך די קערנדיקע אינטענסיטעט פון אירע קורצע לידער, אָבער עס ווערט אין זיי אָנגעהאַלטן, פון ערשטן ביזן לעצטן וואָרט, די זיכערע באַפּעסטיקונג און אומאונטערבראָכענע באַהערשונג פון רעסורסן. די פרישקייט און בריליאַנטקייט ליגן אין דעם באַנוץ פון ווער־טער און אין דעם אויסגעדריקטן שטאַנדפּונקט.

עס איז נישט לייכט צו געבן מער ווי דעם הוילן און כמעט קריפּלענ־דיקן שנעלאויפיקן בליק פון אירע לידער. איר אופן פון אויסדרוק, גענומען אינגאַנצן, איז דיסטינגירט: אייניקע שטעלן קראַלן און שנאָלן מיט עלעקט־רישער ענערגיע, די אויסגעדריקטקייט „פּאַסירט" ווי די בילדער וואָלטן אויפגעלעבט פאַרן אינערלעכן אויג — נישט דראַמאַטיש, נאָר קינסטלעריש תוכיק. קיין זאַך איז נישט פאַרגרייזט, איז נישט אין אומריכטיקן אָרט, אָדער איבערגעטריבן. און דער מייסטערהאַפטער געברויך פון סימבאָל און אַלע־גאָריע באַלייכטן און מאָטיווירן די הויפּט־טעמעס און די וויכטיקע טעמעס אונטער דעם אויבנאויפיקן ליישוועדק. דער אויסדרוק לויפט ווי מוזיק צווישן די שורות. די זאַכן לאָזן איבער דעם איינדרוק פון גרויסע רעזערוון קראַפט, וואָס זענען קוים באַרירט.

1936

# אין שייכות מיט וולאַדימיר מאַיאַקאָווסקי

די פּראָלעטאַרישע קונסט, ווי אַ צייטפּראַגע, וואָס ווערט וואָס אַמאָל אינטענסיווער, האָט זיך אָנגעהויבן מיט דעם אָפיציעלן אָרגאַן אין מאָסקווע „פּראָלעטאַרסקאַיאַ קולטוראַ“, אין 1918. נומער נאָך נומער האָט געהאַלטן אין איין שטורעמען די באַסטיליע פון דער קונסט, וואָס איז פאַרצווייגט געוואָרן אין דער אייראָפּעישער ציוויליזאַציע פאַר לאַנגע, לאַנגע דורות. דער תנ״ך, די גריכישע איליאַדע און אָדיסייע, די אינדישע מאַהאַבאַראַטאַ זענען אַריינגעוואָרפן געוואָרן אין ליטעראַרישן חרם. אויך די „בילינע“ און „איגאָרס וואָרט“ האָבן די רוסישע פּראָלעטקולטיסטן נישט געשאַנעוועט, דאָס האָט פאַר אַלעמען באַוויזן זייער אויסגעהאַלטנקייט:

— די אייגענע „הייליקייטן“ מחרים געווען, כל־זמן זיי האָבן זיך גע־וויזן אַרויסצוואַקסן פון דעם בורזשואַזן באָדן.

איצט האָבן מיר געהאַט די געלעגנהייט זיך באַקענען, פנים אל פנים, מיטן פירער פון די רוסישע עקס־קובפוטוריסטן און איצטיקן „אָרגאַניזאַ־ציע“־, „זאַך“־ „מאַשין“־קינסטלער און פּראָלעטאַרישן פּאָעט, וולאַדימיר מאַיאַקאָווסקי.

די לעקציע, וואָס ער האָט געהאַלטן אין „סענטראַל אָפּעראַ הויז“ דעם 14טן אויגוסט אָוונט, איז געווען אַן אַנטוישונג. דער רעפערענט האָט אָפּע־רירט מיט די צוגענגלעכסטע מיטלען. ער האָט, למשל, אָנגעוויזן, אַז די גאַראַנטיע פון דעם איצטיקן רוסישן דיקטערס גרויסקייט און ווערט ליגט אין דעם פונקט, וואָס זיינע ביכער האָבן אַ מיליאָניקע צירקולאַציע. עס

איז אָן ספק צי וואָסער דיכטער אין דער גאָרער וועלט וואָלט באַטראַכט אַזאַ צירקולאַציע פאַר אַן אומגליקספאַל פאַר זיך. אָבער ווען מאַיאַקאָווסקי האָט אַרויסגעלאָזט די קאָץ פון זאַק, אינפאָרמירנדיק זיינע צוהערער, אַז די דערגרייכונג איז דער לוין בלויז פאַר יענע קינסטלער, וואָס זענען גרייט צו געבן דעם עולם דאָס וואָס דער עולם פאַרלאַנגט, האָט זיך נישט ווילנדיק דערמאָנט דעם אַלטן ניצטשעס אורטייל איבער עוריפּידן. עוריפּיד איז געווען דער אויסגעהאַלטענער קינסטלער אין זיין קיניג־עדיפּ־פּעריאָד. פונדעסטוועגן האָט ער שפּעטער פאַראורזאַכט זיין אייגענע מפּלה ווי אַ קינסטלער: דערמיט וואָס דער גריכישער דראַמאַטורג איז איינגעגאַנגען אין זיינע שפּעטערדיקע דראַמען אויף קאָמפּראָמיסן, האָט זיין קונסט אָנגע־הויבן זינקען טיפער און טיפער, בלויז דערפאַר וואָס עוריפּיד האָט זיך נישט באַנוגנט צו שרייבן פאַר איין צושויער, פאַר זיך אַליין, נאָר פאַר די עטלעכע הונדערט טויזנט גריכן. משמעות, לויט ניצטשען, דעם פאַר־פאַסער פון „דאָס געבורט פון דער טראַגעדיע", וואָלט דער גריכישער קינסטלער געבליבן געטריי זיין קונסט, וואָלט ער שוין ממילא געווען גע־נויט דאָס פאָלק צו העכערע קינסטלערישע אָנרעגונגען, און, אַזויערנאָך, דערצויגן אַ דור קונסט־זוכער, וואָס וואָלטן זייערע אויגן געהאַלטן אָפן אויף עסטעטישע ווערטן, און נישט אויף „צוגענגלעכער אַמוזאַנטקייט" און אַזוי גערופענע קונסטווערק.

די לידער וואָס דער גאַסט מאַיאַקאָווסקי האָט פאָרגעלייענט האָבן אַרויסגערופן אַ בייפאַל. עס וואָלט אָבער געווען אינטערעסאַנט צו מאַכן אַן אַנקעטע אויפן אָרט אויסצוגעפינען מיט וואָס דער בייפאַל איז אַרויסגערופן געוואָרן. אין די פאָרגעלייענטע לידער זענען, אָן ספק, געווען פּאָעטישע עלעמענטן. אָבער פונקט אַזוי זיכער איז אויך, אַז די פאַרזאַמלטע האָט אימפּאָנירט דער פּראָפּאַגאַנדישער גראָטעסק, דאָס „קלוגע" פאַרדרייען פון דעם ריין־פּאָעטישן אין דער קאַריקאַטור־ווענדונג.

און דאָס, גלויבט זיך, אַטעסטירט דורכויס די איינזייטיקייט פון דעם פּראָלעטקולט. דאָס פאַלשע אין דער באַהויפּטונג, אַז די „עסטעטן" זענען קעגן די רעוואָלוציאָנערע עלעמענטן אין דער „צייט־קונסט" איז זייער לייכט איינצוזען, ווען מיר ווען נעמען אין באַטראַכט דעם אַלבאַוווסטן פאַקט: עס איז קיין איין קינסטלער נישט פאַראַן היינט צו טאָג, וועמעס נאָמען איז געהויכט און געקרוינט אַפילו אין בורזשואַזע קולטור־קרייזן, וואָס איך

דער קריטישער צעגלידערונג פון זיינע ווערק זאָל מען באַלד נישט דער־זען, אַז ער אָפּערירט רעוואָלוציאָנעריש. דער אַמעריקאַנער דיכטער, ט. ס. עליאָט, האָט דוכט זיך אַ סך דערפּאָלגרייכער אָנגעדייט אין זיין באַרימטער פּאָעמע „די וויסטלענד״ אויף דעם היינטיקן חורבן ווי וואָס פּאַר אַ אַנדער קינסטלער. אמת, קיין אויסוועג, קיין פּאַנאַציע האָט ער נישט אָנגעצייכנט. אין זיין סימבאָלישער קונסט, אויבערפלעכלעך אַזוי אומרעאַל, ליגט דער עסטעטישער ווערט פון זיין ווערק, חוץ דער מייסטערשאַפט פון זיין אויפ־פּאַסונג, אויך אין זיין אינטואיציעס דראַנג נאָך לויטערער, זויבערער רעאַ־ליטעט.

מאַיאַקאָווסקי איז, אַזויערנאָך, נישט נאָר באַגאַנגען אַ קינסטלערישע אומטאַקטישקייט, נאָר אויך געמאַכט אַ פּאַרלעצלעכן טעות מיט זיין זוכן צוצונאָגלען צום שאַנדקלאָץ אַזאַ פּסיכאָלאָגיש־רעוואָלוציאָנערן קינסטלער ווי עס איז דער שפּאַנישער פּאַבלאָ פּיקאַסאָ. עס איז גענוג זיך צו באַקענען מיט אַ פּאָר פון דעם מאָלערס פּראַכטפולע בילדער, ליניע־עסקיזן און אָרי־גינעלע טינט־ און אויל־פּאַסטעלן, כדי זיך איבערצייגן, אַז מען האָט צו טאָן מיט אַ קינסטלער פון די פּאָרגעשריטנסטע צייט־זשאַנרען אין העכסטן זין פון וואָרט.

דאָס „ווערטע פּובליקום״ שטעלט זיך אָפּ ביי אויבערפלאַכן. דער קינסטלער טאָר עס נישט טאָן. קוים ווערט ער באַגליקט מיט אַ וויזיע — (צו דער טעכניק פון דעם „מיסטישן סדר״ וועלן מיר זיך אומקערן אַן אַנדער מאָל) — מוז ער געטרויען, אי זיך, אי דאָס פּובליקום.

ריידנדיק פון קינסטלערס חוב צו בלייבן געטריי זיך ביז לעצט, צי לויט איבסענען, אָדער לויט עמעצן אַנדערש, איז מערקווירדיק צו פּאַרצײ־כענען בערנאַרד שאָוס אומגעפּערן ענטפער אויף אַן איינלאַדונג לעצטנס צו אַ קערמישל צו באַטאָנען די אוניווערסאַלע באַרימטקייט פון ראַמזיי מעקדאָנאַלד.

„מיין אָפּוועזנקייט פון שטאָט און מיין חוש פּאַר הומאָר שטערן מיר אָננעמען אייער לאַדונג צו נעמען עפּעס אין מויל אַריין לכבוד דער פּאָלי־טישער עמינענץ פון ראַמזיי מעקדאָנאַלד. נעמענדיק אין אַכט, אַז דער לעצ־טער האָט פּאַרנומען דעם פּאָסטן פון ענגלישן פּרעמיער, דענק איך אַז זיין פּאָפּולערקייט איז מער ווי לאָקאַל.

„אויב אייער באַנקעט זאָל זיך איינגעבן, וואָלט איך פאָרגעשלאָגן צו מאַכן אַ סעודה לכבוד דער פּרומקייט פון פּויפּסט, אַ שמחהלע, כדי צו באַ־טאָנען די מאַטעמאַטישע באַגאַבטקייט פון איינשטיינען און פאַרענדיקן מיט אַ „ברויט־און־זאַלץ״ צו ציִען דער וועלטס אויפמערקזאַמקייט צו דעם, אַז עס געפינען זיך מײַלשטיינער אויפן דאָוּוער שליאַך״.

אומקערנדיק זיך צו קונסט און רעוואָלוציע, איז נישט אומאינטערע־סאַנט צו באַמערקן, אַז אין לאָנדאָן שפּילט מען „האַמלעט״ אין מאָדערנע קליידער, אין אַ נאַטירלעך־אַדאַפּטירטער מאָדערנער סביבה. עס איז שווער פון ווייטן, נישט זעענדיק די שפּיל, צו זאָגן וואָס האָט בײַגעטראָגן צום דערפאָלג פון דער אויפפירונג: צי איז עס דער פאַקט וואָס דעם צושויערס געמיט הויערט אַרום אין דער היינטיקער אויסשטאַטונג און עס אימפּאָנירט דאָס וואָס דער דענישער פּרינץ טראָגט אַ קאָסטיום פון דעמזעלביקן שניט וואָס דער צושויער אַליין גייט אָנגעטאָן; צי שטעקט די קונסט אין פאַר־טרעפלעכער האַרמאָניע פון דירעקטאָרס רעזשי, דעקאָראַטאָרס אויסשטאַ־טונג און אין שפּילן פון די אַקטיאָרן. אַלנפאַלס איז אַפילו נישט קלאָר צו שעקספּירס טעקסט איז פאַרבערנאַרדשאָוט געוואָרן. אין פּאַריז האָט לעצט יאָר דער באַקאַנטער פראַנצויזישער פּאָעט און מאַלער, זשאַן קאָקטאָ, איבער־געשריבן „ראָמעאָ דזשוליעט״. די דראַמע — מיט דער פּאָעזיע פון וועלכער דאָס ענגלישע פאָלק וויל האָבן, אַז זי איז דאָס איינציקע, וואָס האָט געשאַפן אויפן ליבע־געביט אַ פּאַסיקן פאַרגלייך צו „שיר־השירים״ — איז געשפּילט געוואָרן אַ לאַנגע צייט פאַר געפּאַקטע אוידיטאָריומס.

1925

# די אַמעריקאַנער פּאָעזיע

די מאָדערנע אַמעריקאַנער פּאָעזיע איז אַלט אַריבער אַ צענדלינג יאָרן. די מאָס איז זייער אַן אויבערפלעכלעכע און קאָנסערוואַטיווע. דער גערעכ־טער שטאַנדפּונקט, ווי אַ סך קריטיקער האַלטן, איז, — אַז נישט מיט „פּאָיעטרי" אין שיקאַגאָ און „די ליטל רעוויו" אין סאַן פראַנציסקאָ, און נישט מיט פּאַונדס „פּראָווענסאַ" און לינדזייס „דזשענעראַל בוט" האָט זיך די נייע פּאָעזיע מאַניפעסטירט. די פּאָרלויפער אירע זענען געווען עמילי דיקינסאָן און פולערס „שורות לאַנגע און קורצע". פּאַרוואָר, אַפילו דער באַרימטער דערציילער סטיפן קרעי, — וועמעס ניינאונצוואַנציק יאָר לעבן האָבן רעזולטירט אין אַ מאַניפעסטאַציע פון אַ טאַלאַנט, וואָס פּאָרזיכטיקע קריטיקער פאַרגלייכן בלויז מיט האָטאָרנען און הענרי דזשיימזן אין דער ברייטער נאַציאָנאַלער ליטעראַטור — האָט איבערגעלאָזט געציילטע דיכ־טונגען. זיי זענען „די געקליבענע לידער" אין די געקליבענע לידער פון דער אַמעריקאַנער מאָדערנער פּאָעזיע. עס איז, נאַטירלעך, אין רשות פון דעם צוגענגלעכן קענער פון אַמעריקאַנער ליטעראַטור, אַז דער „פּאָ־טער פון זיי אַלע" איז וואָלט וויטמאַן, דער „גוטער גרויער דיכטער", וואָס האָט אויסגעשאָלט דאָס ברייטע, שווונגיקע ליד — אַמעריקע, פון דעם אומפּאָרנעפּלטן האָדסן ביז די שניי־באַדעקטע ביימער פון אַלאַסקאָ.

און דאָך, נישט געקוקט, וואָס די ביז־וויטמאַנישע פּאַרבינדונג איז אַן צווייפל ליטעראַטור־געשיכטלעך קאָרעקט, איז עס אַפילו נישט רעכט אָנצו־בינדן די לאַנד־פּאָעזיע — אָננעמענדיק די לפנים געבראַכטע צוויי דיכטער און זשורנאַלן ווי וויקלשניר אין דער ריכטונג, וואָס איז אַנטפּלעקט פּאַר

אונדז ביי היינטיקן טאָג — מיט די נאָענטע פּאַרלויפּיקע און דערמאָנטע דיכטער, באַגרענצנדיק ליטעראַרישע געשעענישן און פּאָעטישע אומוואַנד־לונגען מיט דעם, וואָס איז אונדז נעענטער און קעגנוואַרטיק. סוף־כל־סוף איז דער פּרווו פון אַ היינטיקן דיכטער, סאַנדבורג, מור אָדער קאָנראַד עיקען, למשל, — ווי פאַרשיידן אין זייערע אויפפאַסונגען פון אַ קינסטלערס צוגאַנג צו דיכטערישער קונסט ווי אַ האַרמאָנישע קריטיק איבער צייט־פּראַגעס, — דאָס וואָס ליגט נישט אויף דער אויבערפלאַך, גרייט פאַר יעדן צעעפנטן אויג און אויסגעשטרעקטער האַנט, נאָר וואָס באַדאַרף אויסגע־גראָבן ווערן און אויסגעגנישטערט זיין פון דעם דיכטערס זע־ און הער־אַרט, מיט דעם אומבאַשטימטן צוגאָב פון זיין באַגרייפלעכער קריטעריע. אומ־מיטלבאַרקייט, די זונדערבאַרע ריימערין, וועגן וועלכער מיר הערן אַזויפיל אין אונדזער אייגענער סביבה, איז בלויז אונדזער אייגענער שאַבלאָן. אין דער וועלט־פּאָעזיע, ווי אויך אין אירע אַנדערע קונסט־אָפּטיילן, קען מען די יפיפיה נישט באַגעגענען, סיידן אין דער פּאָפּולערער צייטונגס־פּאָעזיע, וואָס אַלע ליטעראַטורן ווייסן ווו זי צו זוכן, ווען עס איז נייטיק צוליב עפּעס אַ ווייט פון קינסטלערישער סיבה.

עס איז אינטערעסאַנט צו באַמערקן דעם וועג פון דער פּאָעזיע. דער סאַמע אָנהייב אירער איז געווען אין די הענט פון יענע אויף וועמען די איראָפּעאישע קונסט האָט, — צו דעם פאַרלוסט פון די היימישע פאַרמען (אויסער דער וויטמאַנישער) און אינהאַלט (אויסער וואָס פאַרא אויסנאַם), — געמאַכט דעם שטאַרקסטן וועג־ווייזערשן איינדרוק. אַזוי ווי פאַונד איז ביבליאָגראַפיש דער ערשטער געווען, איז עס נישט מער ווי פאַסיק צו פאַרצייכענען, אַז אין 1908 איז דערשינען אין אַ ווינציק באַקאַנטן העפט זיין ערשטע באַגריסונג צו דער אַלוועלטלעכער, ד״ה, צו דער פּראָוואַנ־סאַלער, איינער פון דער אַלוועלטלעכסטער, פּאָעזיע. אויב מיר זאָלן אַפילו געמאַך לאָזן די איבערגעפלאַנצטע אַרכאַישקייט פון דעם טרובאַדור־קוואַל, וואָס דער דיכטער האָט צום ערשטן מאָל אַריינגעבראַכט אין ענגלישן (לויט דעם פּראַנצויזישן מאַלער און דיכטער זשאַן דע באָשער, זע „עגאָאיסט״, יאָר אומבאַשטימט)

“Though dark the way — a golden glamour goeth.”
“Flesh shrouded — bearing the secret.”

איז דער אויסדריקלעכער

צווייטער איינפלוס צו געפינען אין זיין פּאָעזיע — בראַונינג. זיכער אַ זייער קליינע מעגלעכקייט פאַר די לויזע און אומקלייבערישע צויטן, וואָס באַדאַרפן זיך נאָכשלעפּן אַ קינסטלער פון אַ דעמאָקראַטיש לאַנד בכדי צו ווערן דער וועגווייזער. און לפנים איז ער דאָס אפשר נישט געוואָרן, כאָטש עימי לאָיעל און אַ פּאָר אַנדערע אַמעריקאַנער דיכטער, אינאיינעם מיט דעם פּרעציזן ריטשאַרד אַלדינגטאָן און דעם ימיק כּאַטישן בעלעטריסט לאָרענס, האָבן באַלד פאַרקניפּט זיך מיט פאַונדן אין אַ גרופּע, וואָס האָט עקספּערימענטירט מיט דעם פראַנצויזישן אימאַזשיזם.

עס איז אָבער באַלד געקומען די צייט פון „אויסניכטערונג..." פאַר יענע, וואָס האָבן במילא נישט געקענט זיך האַלטן אויף אַ געהעריק באַזינטער, מיט אינערלעכער גענויטקייט באַשטרעבטער און אינטעלעקטועל אויסגעטרוימטער הייך. באַזונדערס, ווען אין דער ליטעראַטור האָבן זיך אָנגעהויבן באַווייזן די דיכטער, וואָס האָבן אָנגעהויבן באַזינגען יעדער זיין פּריירי און זיין שטאָט־ווינקל, זיין בורזשואַזע שטימונג און זיין אַרבעטאָרערישע מעלאַנכאָליע; און יעדער פון זיי האָט גענומען באַווירקן אַ קרייז לייענער; און מאָדנע פּאָעזיע האָט געקראָגן ציווילע רעכט אין די פּעריאָדישע אויסגאַבעס, ווו מען האָט אַנומלט געשפּעט דערפון; און פרישע דרוקערייען זענען ווי שוואָמען אויסגעוואַקסן איבערנאַכט. דעמלט האָבן די ווייניקע אין צאָל, וועמען שאַבלאָן האָט נישט אימפּאָנירט, געמאַכט יד־אַחת מיט דעם נייעם פאַרנעם. די עפּאָכע האָט גאַנץ נאַטירלעך אַרויסגערוקט דיכטער, וועמעס ווערק וועלן אַריין אין פאַנטעאָן פון דעם אַלגעמיין־געזאַמלטן קינסטלערישן סכום.

דזשאָן גולד פלעטשערס פּאָר ביכער זענען זיכער סימפּאַטאָמאַטיש אינטערעסאַנט געווען. אין זיין פּאָעזיע איז געווען פאַרמישט די אייראָפּעישע ציוויליזאַציע מיט אַלט־אַמעריקאַנישע, פאַר פּלימוט־פעלדז, מאָטיוון. עס איז געווען, נאַטירלעך, אין יענער צייט, צו גיין צוריק צו די אומגעהובלעװעט־קונסט־רייכע זאַלעזשעס פון די אינדיאַנער שבטים, אויב ביי אַ דיכטער איז ערנסט געווען אַ פראַגע פון פאַרבינדן, געבן אַ העכערן און עכטערן זין, סינטעזירן דעם היינט מיט דעם נעכטן, דערהויפּט מיט דעם אייערנעכטן. דאָס, למשל, האָט געטאָן קאַרל סאַנדבורג אין זיין ציטערדיק פיינער „פּאָקאַהאָנטאַס", אפשר זיין שענסט ליד, כאָטש זיין נאָמען איז פאַרבונדן מיט אַן אומשקאַטורעװעטער רעשטאָוואַניע, וואָס פאַרמאָגט דעם זיבעטן

חן, „שיקאַגאָ לידער" און אַנדערע. עס איז אינטערעסאַנט צו זען, אַז אין זיין „טשיליקאָט" בינדט די ברייטערע טעמע דעם באַגרענעצטן „באַנעם" פון דיכטער. די פּסיכאָלאָגיע פון דעם „מאַן, וואָס האָט געלעבט אין טשי־ליקאָט, אָהייאָ; טשיליקאָט, מיזורי; טשיליקאָט, אילינאָי", איז אויסגעלייזט אין דעם יענק, — וואָס פאַרטראַכט זיך ביי היינטיקן טאָג, אַז ער האָט גאָר קיין איין טאָג נישט געלעבט, — און גאַנץ אייגן קינסטלעריש און דיכטע־ריש סומירנדיק פון דעם קינסטלערס חוש אויפגעכאַפּט. דאָך סטייעט אים נישט אין אַ סך פּלעצער די לופט, ווו אַ דענקער וואָלט געהעריק אַריינגע־וועבט די רעפלעקסן פון דעם היינטיקן יענק מיט דעם פראַנצויזישן ראַנטיע און דעם דייטשן מיכעל און וואָס וואָלט, ענדלעך, פאַראַלגעמיינערט דעם טיפּ, אידענטיפיצירט אים מיט דעם ברייט־מענטשלעכן, מאַכנדיק מעגלעך פאַר דעם דיכטער זיין מאַטעריאַל און פאָרם צו פאַרבלייבן ריין אינדיווי־דועל, ריין אַמעריקע און ריין קעגנוואַרט.

מאַסטערסן איז גראָד געלונגען צו פאַרוואַנדלען זיין אַדוואָקאַטור־דערפאַרונג אין דעם לעבעדיקסטן, אויב נישט דורכויס קינסטלערישסטן, מאַטעריאַל. עס איז גאָרנישט מינדערוויכטיק, וואָס זיין מאָדעל איז געווען די גריכישע אַנטאָלאָגיע. און ווייל ער האָט געמיינט צו שאַפן אַן אינטעג־סיוון קאָמפּלעט פון געשטאָרבענע לעבנס ביים ספּון־ריווער, האָט אונדז אויך באַוויזן די פּאַטעטישע ממשותדיקייט פון די אָפּגעבליאַקעוועטע באַ־גריפן ווי זיי שפּאַנען אום צווישן אונדזערע בירגער עד היום. עס האָט פאַר אַלעמען געהייסן געבן דעם לאַנד אַ זאַך וועגן וואָס צו פאַרטראַכטן זיך. די פאָרם, וואָס דער בוך האָט אָנגענומען, איז געווען פּסיכיש אויפּשוי־דערנדיק, אַ דאַנק די קורצע, גראָדע, זאַכלעכע טעזן. אויב אַפילו עס איז פון ריין קינסטלערישן, פּאָלירטן, געבוי־באַהיטזאַמען שטאַנדפּונקט נישט אויף דער געהעריקער הייך, איז עס אָבער געווען אַ מערקווירדיקע ווידוי פון דער צייט. קוים האָט ער זיך גענומען צו דער היינטיקער אַמעריקע ווי עס שטייט און גייט, צו פאַרטרעטן פון קעגנוואַרטיקן לעבן און דער פּאַנאָראַמע, ווי אין זיינע נאָכפאָלגנדיקע ביכער, איז געשען אַ נייער קראַך. די שולד איז ווידעראַמאָל געווען — דאָס צוגיין צום לעבן ווי עס איז, און נוצן אַ קאַמערע דאָרט, ווו אילוזיע (קונסט) האָט געפאָדערט די לפנים אָפּגעאַרנדע אָבער באמת פאַרטיפנדיקע פאַרבן און פּינזלען.

און אַזוי מיט אַ סך אַנדערע דיכטער, וואָס בילדן צוזאַמענגענומען דעם

אויפטו פון דער צייטס קונסט. זיי שטעלן פֿאַרט צונויף אַ צעטל פון מענטשן, וועמעס דורכדרינגלעך באַנעמען די צייט, דאַכט זיך, וועט נישט פֿאַרשריבן ווערן אויף זייער געמיינזאַמען נאָמען; און... וואָס זענען איינציקווייז קינסט־לער מיט באַדייטנדיקע פֿאַרדינסטן אָבער קיין איינער פון זיי, דאַכט זיך, וועט נישט לאָזן דעם אומאויסמעקנדיקן צייכן אויף זיין און אונדזער צייט.

לפֿנים, ווי געזאָגט, איז פֿאַונדס וועגווייזערשע גלאָריע פֿאַרגאַנגען. אָבער לפֿנים בלויז. די אַמעריקאַנער פּאָעזיע ווייזט זיך איצט, — אינעם פּעריאָד ווען דער געקינסטלטער ברען פון די נאָענטע פֿאַר־ און נאָך־מלחמה־יאָרן גליט ווי אַ האַלאָוועשקע אין דעם אָפּגעקילטן פּסיכאָז פון דער מענגע דיכטער, צו נעמען אַ ווענדונג מער ווייניקער פֿערמאַנענט אין יענער צייט פון וואַנען עס האָט זיך באַוויזן דער ווירקלעכער קינסטלער, דער זעער, דער פּילער, דער באַנעמער, דער ווייסער, און, בכן, דער פֿאַסיקער און גרינטלעכער אויפפּאַסער. עס מאַכט ווינציק אויס דער פֿאַקט, וואָס זיין נאָמען, צוליב דער באַצייכענונג פון דער עפּאָכע, אפשר, מער ווי צוליב זיין אייגענער באַצייכענונג, איז ט. ס. עליאָט. אַזאַ פיינער און פּינקטלעכער פֿאַרשטייער פון זיין ליטעראַטור און פון אַנדערע ליטעראַטורן ווי ערנסט העמינגוויי, באַשטייט דורכויס, אַז אַפילו איצט נאָך, איז פֿאַונד, — נישט עליאָט, וואָס האָט לויט זיין מיינונג ברייטלעך און טיפער באַאַרבעט בלויז איינעם פון פֿאַונדס געביטן, סאַטירע, — דער גרעסטער דיכטער, דער דיכטער פון דעם היפּשן פֿאַרנעם. דער פֿאַקט וואָס זיינע גרעסערע אַרבעטן, די קאַנטאָס, זענען רמזימדיק און דעם צוויטנס „ווייסטלענד" איז אַבסט־ראַקטירט קלאָר, באַווייזט גאָרנישט, אויב „דער רינג און דער בוך" פון אַן אַנדער דיכטער און פון אַן אַנדער עפּאָכע איז ווירקלעך פון דעם גרויסן שניט. אויב די נאָבלפּרייז באַשטעטיקט דאָס מבינות פון אַ קינסטלער אויף אַנדערע און נישט נאָר די אוניווערסאַלקייט פון דעם פּרייז־געווינער, איז פֿאַראַן וויליאַם באָטלער איטס', סומירונג פון אַ פֿאָרנעמען טראַקטאַט וואָס לויפט באין ערך אַזוי: פֿאַונד איז דער גרויסער דיכטער.

ניין, דאָס איז שווער צו זאָגן. אָבער ער האָט אָנגעהויבן דעם שטראָם פון די עליאָטס, מאַריאַן מורס, וואַלאַס סטיווענסעס מיט דעם צוגאָב פון עלינאָר וואַילי, לואיז באָיגען, וויליאַם קאַרלאָס וויליאַמס, די דריי סיט־וועלס, אַזדיטה דערהויפּט, הערבערט ריד, עיטש די, קאָמינגס און אַ פּאָר אַנדערע. ער האָט אַרויסגעשפּאַרט מיט זיין האָב־און־גוטס פֿאַר די לעצטע

פאַר יאָר, כאָטש דער שטראָם האָט געשיינט צו פאַרשווינדן מיט דער פאַרמינערונג פון זיין אַקטיוויטעט מיט יאָרן צוריק. דאָס ווייזט עס, אַז ער האָט געטראָגן אין זיך דעם גרעסטן צוזאָג, וואָס ווערט דערפולט פון זיינע גייסטיקע יורשים.

עס איז איבעראייליק צו באַשטימען, אַז פאַונד אַליין קאָן זיך נישט אַנטפּלעקן פאַר אונדז, ווען־נאָך אין דער צוקונפט, מיט דעם קונסטטווערק.

עליאָטס פאַרדינסט אין דער מאָדערנער לאַנדס־ליטעראַטור איז, ווי פאַונדס, טאָפּלט. אַפילו יענע, וואָס וואָלטן צוליב אידיאָסינקראַטישע אור־זאַכן אַוועקגעשטעלט זיין „פּרופראַק" און „קוקינג עג" אונטער אַ פרעג־צייכן, קענען קוים פאַרפעלן איינצוזען די רעוואָלוציע (לאָמיר אויף אַ ווײַלע פאַרגעסן די פּאָליטיש־עקאָנאָמישע אימפּליצירונגען פון דעם וואָרט) וואָס זיינע געציילטע צוועלף־פופצן עסייס האָבן געמאַכט אין די מוחות פון זיינע בני־דור. מער ווי וואָס פאַר אַן אַנדער קריטיקער פון דער עפּאָכע (מיט דעם אויסנאָם פון רעמי דע גורמאָן, מיט קוואַנטיטאַטיווערן מאַטעריאַל) האָט ער געהאָלפן יעדן קינסטלער צו באַגרייפן ברייטלעכער און געשולטער זיין מעדיום, און דעם לייענער קינסטלערישער זיך פאַנאַנדערקלייבן אין די אָנגעוואָרפענע באַלאַסטישע סכעמעס פון לידער, דערציילונגען, ראָמאַנען און, דער עיקר, קריטיק. איינע פון די סיבות פאַרוואָס דאָס איז אַזוי, מעג זיין, ווי עדווין מיואיר באַהויפּט, וואָס באַהאַנדלענדיק אַ פראַגע, מאַכט ער דעם איינדרוק, און גאַנץ עכט, אַז ער איז באַהאַוונט אין די אַלזייטיקע שטריי־טונגען וועגן איר — פון אַ צייטונגס־אַרטיקל ביז צו די שווערבענדיקע אָפּהאַנדלונגען. דאָס וואָלט נישט געווען פון די גוואַלדיקע מעלות, פאַר זיך אַליין. געשעט אָבער דאָס, וואָס ער פאַרבינדט, פאַרטרעפלעך, די הנס מיט די לאַווס. דער רעזולטאַט איז אַ סינטעז אין וועלכן די גאַנצע מאָדערן־דערשעפלעכע ערודיציע קריגט איר אויסלייזונג ביז דעם קינסטלעריש־שענסטן און געלערזאַם־קאָרעקטסטן קוצי של יוד. ער איז אפשר דער איינאונאיינציקער אין אונדזער צייט, וואָס פאַרזעט נישט דעם געטהע־קאַרלאַיל־קראָטשע־אידעאַליזם. ער פאַרזעט נישט די קריטיק, ווי אַ וויסנ־שאַפטלעכע סיסטעם ווי קאָלרידזש האָט געוואָלט, און זיין אייגענעם פּשט וועגן דער אינטענסיווקייט און דעפערזאָנאַליזירונג פון קינסטלער בעתן שאַפן. זיין האַלטן זיך ביי זיינע דערקלערטע כללים אין פערזענלעכן שאַפן איז אַ זאַך, וואָס איז ווייט און ברייט אומבאַשטימט און שטרייטבאַר.

עס איז אויך נישט לייכט אים צו פאַרגלייכן מיט וועמען אין זיין מעטאָד פון אַרבעט. די לעצטע פּאָר יאָר האָבן רעזולטירט אין אַ דיניקן העפט פון אַ האַלבן הונדערט זייטן מיט דריי עסייען איבער דעם זעלבן צאָל דיכטער פון זיבעצעטן יאָרהונדערט ענגלאַנד. ס׳איז גאַנץ נאַטירלעך, אַז דער אַרט שרייבן זאָל אין אַ ציוויליזירטער ליטעראַטור אַרויסרופן אַ צוואַנציק־פאַכערע צאָל קאָמענטאַרן ווי די זייטלעך פון ווערק.

און, לסוף, איבער אַ קינסטלערין, וועמעס טאַלאַנט ווי די טאַלאַנט־אַרטיקייט איז פאַרשיידן אַנדערש ווי וואָס פאַראַ דיכטערישע אָנרעגונג אין און פון היינטיקן אַמעריקע. מאַריאַן מור, די קלאַסישע מאָדערניסטין, איז די האַרטסטע און סטיל־געבונדנסטע שריפטשטעלערין צווישן אַלע שריפטשטעלער. ביי דער זייט פון אירער אַ ליד זענען די ווערק פון די מאַנספאַרשוינען אומגעהייער פרויענהאַפט. אירע פּאָעטישע אָנבינדונגען ווי די אַדווערבן, וואָס מאָדולירן אַ קעגנשטאַנד אין אירער אַ ליד, זענען אַזוי קרעפטיק און מאַכט־אינסינואירנדיק אַזוי ווי זיי וואָלטן געבאָרן געוואָרן אין די געהירן פון אַ געטלעכן שמיד. זי געהערט צו דער קליינער, איינפלוסרייכסטער גרופּע, וואָס גלויבט אַ סך אין דער אָנפאַנגלעכער און ענדלעכער באַרופזאַמקייט פון דעם אינטעלעקט איבער אַלע אינספּירירנדיקע און „אוממיטלבאַרע״ מטלטלים פון די רעגירנדיקע קטנים.

מאַריאַן מור איז אויך די שפּעטסטע „יונגע״ פון דעם פאַרנעמען אַרט קינסטלער. עס גלויבט זיך קוים, אַז מיט איר זאָל זיך דער פאַונד־עליאָט עטאַפּ פאַרשליסן. דער אופן פון אַ וועווערקישן אויפשפּרונג אין דער פאַונד־עליאָט־מור ליניע איז צום וויניקסטן צו דערוואַרטן אין דער אַמעריקאַנער דיכטונג. דער קינסטלער, אָדער די קינסטלערין, וועט מוזן פאַרמאָגן, ווי אַ צוגאָב צו זיין אָדער איר באַגאַבטקייט, אויך פּערזענלעכקייט. און אויסער דעם, אַ גרינטלעכע און פּאַראַלעלע קאָנטשאַפט מיט דער באַמיִונג פון די דריי פאָרלויפער. און דאָס מיינט די פאַרגאַנגענהייט, וואָס גיט אַ שליסל צו דער קונסט פון דער צוקונפט.

***

נישט קיין עיקר שכחתי, נאָר אַ פּאָסטסקריפּט: דער פינפטער געווינער פון דער „דייעל״־פּרייז איז דער עקספּערימענטירער פון דעם נעאָ־בייעם

דור. קאַמינגס איז מער מאַלער אין זיינע לידער, ווי אין זיינע „ראַשן" זענען די צונויפשטעלונגען פון קאָלירן ליטעראַרישע. אומגעוואַנדלט האָט ער דעם סאָנעט אָבער נישט דעם פרייען פערז. ווען עס איז אַ פראַגע פון שפּראַך ממש, די רויע כעמישע מעגלעכקייטן פון ווערטער, בלייבט גוירטרוד סטיין אומפאַרגלייכבאַר. די ווירקלעכע זעאונג און באַגריף־רעלאַציע, כאָטש נישט דאָס פולקומע ווערק, וואָס איז די אייגנשאַפט פון אַ ליד אָדער אַ שטיק פּראָזע, ווערט זאַכלעך און געשיקט אָנגעווענדט פון דער פּאַריזשער אַמעריקאַנערין, וואָס האָט גאַנץ פאַרשטענדלעך „דערקענט" די געחוזקטע מאַטיס און פּיקאַסאָ. און —

עדווין אַרלינגטאָן ראָבינסאָן. אָבער דער געהערט מינימאַל אין דער צייט: דאָס איז כמעט דורכויס אַן ענין פון געשיכטע.

1926

# אַמעריקאַנער בריוו

די אויסלעבונג פון אַ ליטעראַרישער שיטה איז שטענדיק פאַראורזאַכט דורך דער פּסיכאָלאָגישער אומגעבונג פון יענער מיליע, וואָס רינגלט זי אַרום: דאָס פּאָרגעלאָפענע, וואָס זאָגט זיך אָפּ אינגאַנצן פאַרטונקלט צו ווערן פון די קעגנווערטיקע עקספּערימענטן און וואָס פאַרפלעכט זיך אינעם איצט, און דאָס קומענדיקע, וואָס שטראָמט אַרויס פאַרהילט אין פאַרבאָר־גענעם שיין פון דעם קעגנוואַרטיקן. איך באַנוץ זיך מיט דעם אַדיעקטיוו „פאַרבאָרגענעם" אומיסטן, ווייל אויסגעקלאָרט ווערט עס, און רעליעף טרעט עס אַרויס ערשט דאַן, ווען עס איז נישט מער עקספּערימענטאַל, אויס ספּעקולאַטיוו — נאָר דאַן ווען די שיטה טרעט אַרויס פון די ענגע ראַמען פון שולע, ווען זי ווערט אַ טייל פון דער טראַדיציע, וואָס צוזאַמענגענומען מיט די אַלע ביזהעריקע ברייט־פאַרצווייגטע קאָנווענציעס, קריגט עס דעם אָנבליק פון אַ פולקומענער קונסט־צווייג, אין אַל־איינשליסנדיקן זין פון וואָרט.

**
*

דער חילוק צווישן קינסטלערישע שולן באַשטייט פון זייער אויסגע־קליבענעם מאַטעריאַל (0.01%), ווי אויך אין דעם עסטעטישן אָביעקטיווערן פון אַלע פערזענלעכע מאָטיוון, וואָס זייער אויסגאַנגס־פונקט איז די מענטש־לעכע פסיכע (99.99%). „קעגנשטאַנד", „זאַך" איז אויך נישט מער ווי מאַטעריאַל פאַר קינסטלערישן אָביעקטיווערן, גלייך ווי אַלע אַבסטראַקטע

ווערטן. די מאָס אָנגעווענדט צו „דער זאַך" — אין די געאָמעטרישע די־מענסיעס — איז אַ רעלאַטיווע, סיידן עס ווערט געזוכט די פיזיקאַלע באַ־גרענעצונג צוצופירן צום N ־טן גראַד פון פסיכאָלאָגיש מעגלעך־אַבסאָלוטן ווערט. אין לעצטן פאַל איז די גאַנצע „זאַך־שולע" קיין נייעס נישט און ברענגט נישט קיין רעוואָלוציאָנערן קרעאַטיוון מאַטעריאַל צו דעם סכום קינסטלערישע אינגרעדיענטן, וואָס די שאַפער פון פאַרגאַנגענע דורות האָבן באַנוצט.

**

אַבסטראַקטע ווערטן קריגן אַ נייע דערלייזונג נאָר אויף דעם אופן ווען זיי ווערן געזען אין אַ נייע ליכט, אַ נייעם שיין פון שאַפן. אַזוי ווי נאַטור שפּיגלט זיך אָפּ אויף אומציילבאַרע אופנים אין אונדזער שטענדיק־ציטערנדיקער, שטרייט־אונטערגעוואָרפענער פסיכיק, ווערט מיט דעם אָנ־קום פון דער נייער שולע אויך באַרייכערט די טערמינאָלאָגיע. דאָס העלפט אַרויס דער אַרכיטעקטאָניק אין דער ליטעראַטור. די זעלבע קאָלירן, אונ־טערגעוואָרפן אַ נייעם סדר מאָלן, זענען אין תוך די זעלבע אין יעדן זין. נאָר דער צושויער קריגט אַ פרישע רעאַקציע פון דעם אויפסניי־אָנגעווענדטן סדר פון זייער אויפפאַסונג. דאָס פרישע רעאַגירן ביים דעם פאַרצווייגטן איינגעוווינטן בליק, און יעדע נייע באַנעמונג פון צושויער אין זיין אַלגע־מיינעם אומגאַנג מיט ווערטן איז אַזויערנאָך קאָלירט נאָר אַדאַנק דעם סדר פון דער פאַרבן־אויסשטעלונג. אומגעפּלאַנטע אָרדענונג, אַפילו צופעליקע אומקאָאָרדינירטע כאַאָטישקייט ווירקט ווי אַ צעשטערונג־מיטל, וואָס פאַר־וואַנדלט דאָס פאַרגאַנגענע נישט נאָר אין אַנאַכראָניזם, נאָר אין אומנויטיקן, און אין נוצלעכן דאָס נייע — ביז אַ נייערע אומווענדונג און אויפפאַסונג וועט בייטן דאָס פאַרגאַנגענע.

**

אָפּטמאָל סומירט זיך אָן עפּאָכע מיט אַ קינסטלעריש ווערק — און נישט זעלטן מער ווי מיט איינעם — וואָס אַנטפּלעקט מיט זיך אַלע שטאַר־קע אָדער אמתע, און שוואַכע אָדער פאַלשע זייטן פון דעם עקספּערימענ־טירטן, וואָס זיין בלוט ווייזט אַרויס סמנים פון דער שיטהס גסיסה, דער שולעס דערנענונג צום געפערלעכן ראַנד. דאָס ווערק איז דער שליסל צו

אַלע פאַרגאַנגענע עפּאָכעס, ווי זיי האָבן זיך פאַרקערפּערט אין די קליינע, גרויסע, געניאַלע און מעסיקע ווערק פון זייערע קינסטלערישע פאָרשטייער. עס איז לייכט געשטרויכלט צו ווערן אין פאַרמישן ווערטן, באַטראַכטנדיק אַן ענלעך ווערק. קיין ערנסטער קינסטלער, וואָס זאָגט אין זיין ווערק אַ „זיי־געזונט“ צו אַן אַלטער שולע, וועט נישט פאַרפעלן אין דערזעלבער צייט צו געבן אַ ווונק אויף עפּעס נייס, וואָס קען ווערן דער אָנהייב פון אַ צוקונפטיקער שיטה. די אויפגאַבע איז אַ שווערע, ווייל כאָטש אין דעם אָפּגעשלאָסענעם אָפּגעשאַצטן מעג פעלן די פּערזענלעכע נאָטקע — צוליב גרעסערן קינסטלערישן עפעקט פאָדערט זיך אפשר די „דעפּערסאָנאַליזי־רונג“ פון אויטאָר — איז אָבער דער נייער אָנדייט, ווען פאַראַן, דורכגע־דרונגען מיט דעם קינסטלערישן תמצית פון אויפּאַסערס פּערזענלעכקייט.

די פּערזענלעכקייט פון קינסטלער טרעט אַרויס בולט נאָר דעמלט, ווען ער אָנט פאָרויס, וואָס עס וועט זיין דער מהות פון דער קונסט אין דער נאָענטער צוקונפט. עס איז אָבער פאַר אַלעמען די פראַגע פון פּערזענלעכ־קייט פון גרויסן קינסטלער אין זיין פּראָיעקטירן אין דער צייט אַריין זיין פּערזענלעכע מאָס, די ווידערקולות פון זיינע עסטעטישע באַגריפן; אין זיין באַאיינפלוסן די מעסיקערע קינסטלער, זיי זאָלן אים נאָכפאָלגן. פון אָנהייב ווערט עס אָפּטמאָל געטאָן גאַנץ באַוווסטזיניק, ביז עס פאַרלירט זיך אין דעם עסטעטישן געוועב פון דער עפּאָכע, וואָס קומט אָן און ווערט אַ טייל פון דער אינטואיציע אין פּראָצעס פון ווייטערדיקן שאַפן.

**
*

און ווען מען קומט מיט אָט־דער מאָס קאָנקרעט צו די היינטיקע אַמעריקאַנער וואָרט־קינסטלער, מוז מען אָנהייבן מיט אַ ריי „ניט׳ס“.

עס איז נישט לינדסייס לעצטער אָפּוס „דהי מאַונטען־קעט“. די פּאָ־עמע פאַרמאָגט אין דער זעלבער פּראָפּאָרציע אומגעפער די מעלות און חסרונות פון „דהי טשאַיניז נאַיטינגעיל“, „דהי גאָלדען ווילז אָף קאַלי־פאָרניאַ“. קיין שפּעטער אינטערעסאַנט, ניי וואָרט ווי „דהי קאָנגאָ“ איז עס זיכער נישט, כאָטש עס איז קינסטלעריש וויכטיקער, ווי זיין „דזשאָני אַפּעלסיד“.

עס זענען אויך נישט מאַסטערס, פלעטשער, סאַנדבורג, לאָועל, עיקען. טייל פון זיי פילן, ווייזט אויס, אַ באַלעבאַטישע צופרידנקייט מיט זייערע

אויף שנעל־פאַרנומענע מזרח־פּלעצער און זיי וואַרעמען זיך אין שיין פון די פראַגמענטאַרישע, בלישטשנדיקע רעשטן, וואָס זיי האַלטן אין אויס־פאַרקויפן פון זייערע פּאָעטישע קרעמלעך. פלעטשער קלייבט צונויף דאָס פאַרוואַלגערטע, און — נישט צו טאָן אים קיין אומרעכט, — גיט ער עס טאַקע אַרויס פאַר אַזוינס. סאַנדבורג לייגט צו נאָך אַ ציגל, געמאַכט פון דעמזעלבן מאַטעריאַל און אין דעמזעלבן פאַסאָן ווי די פריִערדיקע, — צו דער האַלב־קאָלאָסאַלער געבײדע, וואָס אירע אַריינגענג און אַרויסגענג זענען אונדז אַזוי גוט שוין באַקאַנט. מאַסטערס האָט אינגאַנצן פאַרביטן די יוצרות, אָנהייבנדיק מיטן סוף. זיין יעדער ניי ווערק ווייזט, אַז ער האָט זיך אַליין אַן אומרעכט געטאָן, אַרויסקומענדיק צוערשט מיט דער „ספּון ריווער"־ אַנטאָלאָגיע און פאַרענדיקנדיק מיט מעטאַפיזישע פּאָע־טישע פלאַכקייטן. אין עיקענס לעצט בוך שפּילט פּרויד נאָך אַלץ דעם מאַזשאָר־מאָטיוו. עס איז, ווייזט אויס, אַ פראַגע נישט פון עווענטועלער, נאָר אולטימער „אַפיניטעט". עימי לאָועל — — — —

**
*

די „ווייסע האָפענונג" — זי פאַרקערפּערט מיט זיך ט. ס. עליאָט, דער עיקר מיט זיין „ווייסטלענד", און דזשיימז דזשאָיס מיט זיין „פּאָרטרעט" און באַזונדערס מיט „יוליסעס". די אַכט קאַנטאָס פון פּאַונדן און די מערק־ווירדיק־שיינע לידער, דער אויסדרוק פון אַ פּערפעקט־דיסטילירטער ראַ־פינירטקייט פון וואַלאַס סטיווענס (כ'פיל אַן אויסערגעוויינלעכן פאַרגעניגן צו דערמאָנען זיין נאָמען) איז דאָס גאַנצע ביסל אַמעריקאַניש־ענגלישע פּאָעטישע דערגרייכונג, וואָס ווערט, נאָך מיין באַשיידענער מיינונג נאָך, לאַנג וויברירן מיט אומדערשטיקבאַרע טענער אין דער היינטיקער לי־טעראַטור.

1932

# נאָטיץ וועגן קאַרל סאַנדבורג

קאַרל סאַנדבורגס באַנד לידער1) איז דאָס מערקווירדיקסטע, אויב נישט דאָס בעסטע, וואָס די ענגלישע פּאָעזיע — אַמעריקע און ענגלאַנד צוזאַמענגענומען — האָט בייגעטראָגן צום יאָר 1920. קיין נייער „סאַנדבורג" איז עס נישט. דורך דעם בוך ציט זיך ווי אַ באַזונדערע בענטשונג דער שנור, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן מיט „שיקאַגאָ לידער"2) און דעם צווייטן בוך זיינעם, וואָס איז זיכער דער בעסטער, נישט אַכטנדיק דערויף, וואָס ער האָט געוווּנען בשותפות מיט אַ גראַציעזער גראַמען־פלעכטערין דעם קאָלומביאַ־אוניווערסיטעט־פּרייז פאַר פּאָעזיע. די אינגרעדיענטן זענען: רויע קראַפט, געוואַגטקייט און „גרויע מאַטעריע".

„שיקאַגאָ פּאָעמען" איז דאָס ערשטע ליד אין דעם גרויסן אָטעם־פאַרבאַפּנדיקן לידער־ציקל, וואָס קאַרל סאַנדבורג האַלט אין פּראָצעס פון שרייבן. איך גלויב און האָף אין דער פאַרווירקלעכונג, אַז סאַנדבורגס קאָנפידענץ צו דזשאָזעפין בעלל, אַז ער האָט מאַטעריאַל פאַר נאָך זעקס גרויסע בענד, איז ווייט פון אַ באַרימעריי.

אַלץ וואָס סאַנדבורג האָט אָנגעשריבן איז אַ פולברוסטיקער און וווּנדער־שטאַרקער אויסגעשריי פון אַ יונגן אַמעריקאַנער, וואָס איז דורכגעגאַנגען אַלע אָפּטיילן פון אַמעריקאַנער גיהנום: ער ווייסט ווי די „גאַרדעם" אַי דאַבליו דאַבליו אַרבעטן אין די הייס־ווינטיקע פּרעיריס; ווי די לאַנגע,

---

1) Carl Sandburg: *Smoke and Steel,* Harcourt, Brace & Co., 1920.
2) *Chicago Poems,* 1914; *Cornhuskers,* 1918. Henry Holt & Co.

אויסגעדאַרטע, ביינערדיקע פּאָליאַקן, שווערן און פינען ווערן פאַרשוואַרצט אין די קוילן־, שטאָל־ און אייזן־שאַכטעס. ער האָט אויך געדינט דעם טייוול פון גאַסיקן זשורנאַליזם און פּאָליטיק פון הינטער־פאַרמאַכטע־טירן. און דערציילן דערציילט ער עס מיט אַ האַרץ־פאַרכאַפּנדיקן טעמפּאָ פון אַן אייגענעם, כאָטש עפּעס אומאַמעריקאַנישעס ווערט סוגעסטירט אין דעם וועג און אופן פון זיין דערציילן. האַמסונס סקאַנדינאַווישער לאַנדסמאַן, פאַרמאָגט ער אין זיך אַ סך האַמסונישעס, סיידן מיר זאָלן עס רופן סאנד־בורגיש, אַזוי פנימדיק, אַזוי בפירושדיק און פינאַל־זיינס איז עס.

דאָס ערשטע בוך האָט געמאַכט אַ פּאָר אַלטע רעאַקציאָנערן צום שטוינען... אומאַנגענעם. אַן ענגלישער נאָבעלמאַן און רעדאַקטאָר — ביידע זאַכן טראַדיציאָנעל — פון אַ קאָנסערוואַטיוו־באַשיידענעם זשורנאַל האָט געפונען פאַר אַן עזות ווי די יונגע קומען צעשטערן און מאַכן צו נישט „די גלאָררייכע טראַדיציע” פון קיטס און שעלי, נישט האָבנדיק דעם מינ־דעסטן באַגריף וואָס עס איז פּאָעזיע. פאַרשטייען זיי, די יונגע, ווי ביליק, נאַריש זיי מאַכן זיך? ווי די אַלטע מוזן קוקן אויף דעם יונגן דור דיכטער ווי אויף מיאוסע שרצים, וואָס פרעסן די ברעגעס אַרום האַרץ און פאַר־מיאוסן דעם סטאַנדאַרד פון מאָדערנער קונסט? זשאַנטילהאָם ליטע־ראַטן זענען געבליבן מיט זייערע מיילער צעעפנט און „ווער עס לויפט קאָן זען” די שורות צעפוילטע ציין אין זייערע לעכער־מיילער און פאַר־מען, זיי פּאָקאַהאָנטאַס איז אונדזער אַטמאָספערע. מיט אים קריכ מיר אַרויס שטיין פאַרוואָס זייער מאָס איז — „ראַד” קיפּלינג „באַב” סערוויס. מוחל!

פאַר אונדז געפינט סאַנדבורג אַמעריקע. ער איז די געלונגענסטע דעפיניציע פון אַמעריקע פאַר אונדז. זיינע מענטשן, זיין לופט, זיינע בלו־מען, זיין פּאָקאַהאָנטאַס איז אונדזער אַטמאָספערע. מיט אים קריכן מיר אַרויס פון דער בלאָטע פון די צופעליקע ווען־דייקס, רעפּלייערס, וואַן־רענעסלערס. ווייל מיר זענען אַמעריקע נאָך אַלעמען, און טייער איז עס אונדז, און הייליק איז עס אונדז דאָך נישט און מיר זאָגן דאָס נישט צוליב אונדזער לויב. מיר זענען, און דערפאַר איז שוין אויך ממילא קאַרל סאַנדבורג. זיינע לידער זענען נישט קיין פּאָעזיע ווי וואָלט וויטמאַנס זענען עס נישט. זיי זענען אָבער מער ווי פּאָעזיע ווי וואָלט וויטמאַנס זענען עס.

עפּיזאָדן אין לעבן און — קראַנקייט. עפּיזאָדן אין לעבן און — קושן

און ליבע. עפּיזאָדן אין לעבן און — טויט. עפּיזאָדן אין לעבן און — כאַפּט זיך ווי פאַרצאַפּלט אַ ניי לעבן ערגעץ אַרויס פון דער מיטן. דער „שטאָרך" האָט דאָס אַריינגעוואָרפן דורך דעם קוימען, פון וואַנען עס זעצט אַ רויך אויף וועלכן סאַנדבורג פאַרעט אַרויף העט־העט אין די הימלען, כאָטש ליב האָבן — אַך, ווי ליב — האָט ער די קאַלטע, געזונטע, בלוטיקע שוואַר־צע ערד.

.1921

# ליטעראַטור־פּראָבלעמען

I

— — — צעריסענע נשמות וואָס שוויבלען ערגעץ און גריבלען זיך אין זיך אַליין. און אפשר די ערשטע גאַנצע, זיך אַליין־באַגרייפנדיקע גייס־טער ניט פרעגנדיק ביי קיינעם: וווהין גייט מען? אַוו זוכט מען דאָס פאַרגאַנגענע? ווי אַזוי אַנטפּלעקן דאָס וואָס איז אַמגאָענטסטן אונדז אַליין און באַהאַלט זיך דאָך שטענדיק פון אונדזערע אויגן אין אַלע ווייטסטע ווינקלען פון דעם וואָס אַרום אונדז?

אונדזערע טריט — זיכערע, גראַדע — ווי קיינמאָל אַלט נישט גע־ווען. אומבאַוווסטזיניק שטאַרק ווי יעדע טעמפּעראַמענטפולע נאַטור. געשמאַק? אַ זאַך פאַר זיך אַליין. קונסט — דאָס אייביקע נאָכפאָרשנדיקע, זוכנדיקע. — נישט — וואָס איז דאָס לעבן? וואָס איז מענטש — וואָס איז — איך?

און ביינאַנד דערמיט גייט אויך דאָס הויכע, פרישע, צאַרטע — דאָס ווירדיקסטע וואָס הייסט שאַפונג.

אָט אַזוי איז אַרויסגעשווומען פון אַלטן כאַאָס דאָס נייע. אַזוי שניידט זיך דער נייער וועג פון אונדזער „לעבנסשפּיגל", ווי די אַלטע רוסן רופן ליטעראַטור, אָדער די אַבסאָלוטע שיינקייט ווי טייל פון אונדז טערמי־נירן עס. נישט זיך אויסגיסן אין דער פאָרם פון דער פאַרגאַנגענהייט, נאָר זיך לאָזן הערן אין פאָרמלאָזער רויער קראַפט ווי עס איז דער אינ־האַלט פון דעם איצט. איז נישט טרובאַדורעווען, זינגען, בענקען, טרוימען,

איז דאָס אויך רעלאַטיוו? איז דאָס אויך נאָר צייטווייליק? טאָ זאָל עס אונדז פאַר אַ באַוויז, אַז עס איז אַ נייע אָפּוועקסלונג פאַר אַלטע אמתן. מעג עס, דאָס נייע, — האָט עס אַ רעכט צו שפּראָצן אין אַלע אַנ־דערע צווייגן פון לעבן, נאָר נישט אין דער ליטעראַטור און באַזונדערס אין פּאָעזיע?

מע האָט טענות. מע ליאַרעמט: פאַלש; פאַלש פון אָנהייב ביז סוף! נישטאָ אַזעלכעס! און דאָס לעכערלעכסטע — מע באַשמוצט, מיט בלאָטע באַוואַרפט מען — איז עס נישט דער בעסטער צייכן: איר שרייט? אַ סך ערגער פאַר אייך!

יענע וואָס וואָלטן באמת וועלן אַנאַליזירן, פאַרטראַכטן זיך, וואָלטן אין דעם עקסטאַטיש־זויבערן פאַרלאַנג פון וועלן פאַרשטיין, געקראָגן אַ באַגריף וואָס דער פענאָמען איז. זיי וואָלטן באַגריפן, אַז עס איז נישט — איך, נישט — דו, נישט — מיר, נישט — זיי. ס'איז דאָס וואָס עס איז, מוז און קען אַנדערש נישט זיין. זאָלן זיי פּרוּוון זייערע פון געוווינהייט־אַראָפּגעלאָזענע קעפּ עטוואָס אויפהייבן. זייערע צעווילדעוועטע אַנאַכראָ־ניזמען־געדאַנקען דורכפרישן אין דער לופט פון נישט האַלב־פאַרטריקנטע מיט גרינעם־באַצויגענע קאַלוזשעס. זאָלן זיי ווי יענע פייגל נישט פאַר־באָרגן זייערע קעפּ אין די פעדערן פון זייער אָפּגעשטאַנענער קונסט־מאָס. זאָלן זיי נאָכקלערן, האָבן ס'עזות צו דענקען.

## II

אין יעדער קונסט־עפּאָכע — און אונדזער צייט איז אַן אינספּירירר־טער ציקל — שיילט זיך אַרויס פון אַלע רעגונג־קנוילן, וואָס שטעלן מיט זיך פאָר דאָס אַרטיקולירטע לעבן, איין רעגונג־קנויל, באַטאָנט, בולטער פון די אַנדערע. עס איז, דאַרף מען גלייבן אַזוי דערפאַר, וואָס נישט גע־קוקט דערויף וואָס יעדע עפּאָכע געבערט אַ גרויסע צאָל קינסטלער, וואָס זוכן צו שאַפן אָרדענונג פון כאַאָס; בלייבט דאָך אוממעגלעך פאַר זיי צו וואַרפן העל־ליכט אויף אַלע לעבן־דערשיינונגען מיט אַמאָל. רעזולטאַט: נאָך אַ געוויסן פּעריאָד פון פאַראייניקטן קינסטלערישן זוכן קריגן מיר בלויז נאָר איין דין פאַרשריבן בלעטל — נאָך איינס צום סכום אין דיקן לויז־בלעטערדיקן לעבן־פאַליאַנט.

אונדזער צייט איז אָן ספק אַ ברויזנדיקע, אַ שטורמישע ווי עס וויל האָבן פּרץ מאַרקיש אין „די עסטעטיק פון קאַמף אין מאָדערנער דיכטונג״. מאַרקישן שטערט נאָר אָפּצושאַצן די ווערט פון דעם ברויז־און־שטורעם־פּעריאָד פאַרן קינסטלער דאָס, וואָס צופעליק איז ער אַן אָנטיילנעמער, איינער פון די קעמפער. ווי אַ דיכטער איז עס זיין אומבאַגרענעצטע פּרי־ווילעגיע אַריינצוברענגען דאָס ביסל קינסטלערישע אויסקאָכונג אין אַל־געמיינעם שטראָם פון דער צייטקונסט. קיינער קען נישט און טאָר אים נישט אָפּזאָגן זיין פּלאַץ, ווייל אין זיינע לידער שטראָמט קינסטלערישע רעאַגירונג — און ווער איז דער בר־ סמכא אָפּצולייקענען זייער ווערט איצט, אין נעפּל פון וואַרשטאַט? ווי אַן אויפּאַסער פון אַ שיטה — וואָס די צייט מיינט פאַרן קינסטלערישן שאַפן און אַוועקשטעלן עס אַזוי קאַ־טעגאָריש ווי ער טוט עס, אויסשליסנדיק אַנדערע מעגלעכע טעאָריעס, דער עיקר, די אַבסטראַקטע שיינקייט, קלאַסישן עסטעטיזם, — לאָזט זיך מאַרקיש אויף אַ ספקדיק־ווירדיקן וועג. (ער לייקנט אפילו אָפּ, דאָ און דאָרט, דורך אימפּליקאַציעס, קינסטלערישע ווירדע. דאָס לעצטע, נאָך זיין מיינונג, קען נישט און טאָר נישט שפּילן קיין ראָליע אין אַ צייט, ווען מענטשן טרינקען זיך אין אייגן בלוט. „מיר האָבן ליבשאַפט צו דער לע־בעדיקער, אָרגאַנישער, עסטעטישער פּערזענלעכקייט — מענטש!״ שרייט ער פּאַטעטיש אויס אין פינאַלן זאַץ. איך וועל זיך נישט ספקן אין דער דורכדרינגענדיקער ערנסטקייט פון אויסדרוק, ווייל ער איז אין פולן איינקלאַנג מיטן גאַנצן טאָן פון אַרטיקל. מאַרקיש גרייט אונדז צו טראָט ביי טראָט. עס פאַראַט אים אָבער דער לעצטער אַדיעקטיוו, וואָס מאַכט אונדז דערפילן, אַז דער קינסטלער, דער דענקער, דער טרוימער, דער עסטעט געווינט, ענדלעך, ס׳געפעכט וואָס ער פירט, קאָנטיק, מיט זיך אַליין, דורך דער לאַנגער עסיי).

צו וואָס דאָס אַמפּערן זיך, באַטאָגען אונדזער צייט, שטעמפּלען זי? אונ־דזער צייט איז אַזוי ענלעך צו אַלע צייטן ווי די לעצטע זענען ענלעך צו זיך אַליין. ס׳איז ניט מער ווי אַן אויסדויער פון אומבאַשטימטן מינימום צייטמאָס וואָס כאָאָס האָט באַפולמעכטיקט כראָנאָסן צו שפּינען. עס גיסט זיך דאָס אַלטערנאַטיווע אָפּטוישן פון לעבן־רעגונג און לעבן־שטילקייט. און אפשר איז אַפילו דער אָנגענומענער אָפּטויש אויך אַן איבערפלעכלעכע סכעמע, ווו שטילקייט איז סוף־כל־סוף רעגונג אונטער דער איבערפלאַך פון אונדזער

אומפולקאָם־אַנטוויקלטן סענסאָריום. אונדזער זוכן די פּערטע און ווייטער־צאָליקע דימענסיעס איז פאַראורזאַכט פון אונדזער האָבן אויסגעפונען, אַז, כאָטש אונדזערע חושים זענען קאָנסאַנאַנט מיט נאַטירלעכע דערשיינונגען, דאָך זענען זיי נאָר אַ מיניאַטורער אָנדייט, אַ סילאַבוס פון די אומגערירטע כוחות, וואָס זענען נאָך דערוויל פאַרבאַהאַלטן אין נאַטור־טראַכט פון אונדזער באַגרענעצטן, פעלערהאַפטן באַנעמען. ווי דענקענדיקע מענטשן, ווי מענטשן, וועמען די נאַטור־פילאָסאָפיע האָט אַזויפיל אַרויסגעהאָלפן צו פאַרברייטערן אונדזער בליק און געהער אויף אוניוועורס־פּראָצעסן, — האָבן מיר נישט קיין באַרעכטיקונג אָנצונעמען אין איילעניש אַ דערשיינונג, — ווי פּיינלעך אָדער פריידיק די שפּורן זאָלן נישט בלייבן פאַר אַ צענדלינג יאָרן, בלויז אַן אינפיניטעסימאַלער טראָפּן אין צייט־ים, — ווי אַ זאַך פאַר זיך, ווי אַ מערקווירדיקן פינאַלן פענאָמען, און דענקען, אַז די קונסט קאָן זיך איינשליסן אין שמאָלע, ענגע ראַמען פון דער באמת קליינ־לעכער דערשיינונג. פאַרלייקענען זי אינגאַנצן איז אוממעגלעך. דער קינ־סטלער באַזונדערס טוט זיין אַרבעט בשלימות, ווען, רעאַגירנדיק אָרנטלעך און ערנסט, שענקט ער דער וועלט דעם שפּיגל, וואָס ער ליישט אויס אין זיין גלאָז־געשעפט. נישט מער אָבער ווי אַ שפּיגל.

נישט פאַר אונדז בלייבט עס צו באַטאָנען די ווערט פון אונדזער קונסט־עפּאָכע. אונדז איז דער דראַנג גרויס אין די אויגן. גאַנץ נאַטירלעך. מיר זענען דער עפּאָכעס קינדער מיט יעדן אָטעם־צוג אונדזערן. מיר וועלן אָבער מוזן אָפּגיין אַ נישקשהדיקן מהלך צייט ביז מיר וועלן האָבן די מעג־לעכקייט צו דערזען דאָס קלאָרע רעפלעקטירטע אויסזען פון אונדזער צייט. און וואָס מיר זאָלן נישט האָבן געפונען דאַן אין קונסט־שאַץ געזאַמלט דורכן גאַנצן פעריאָד, וועט מוזן גענומען ווערן אין אכט. אויב די בפירושע צייט־מאָטיוון וועלן פאַרמאָגן קינסטלערישע פערמאַנענץ, וועלן זיי אונדז העלפן זיך פאַנאַנדערקלייבן אין דעם טייל פון פעריאָד־אָפּגעטיילטע אַרבעט, אָבער אויך יענע קינסטלער, וואָס האָבן זיך מתבודד געווען אין זייערע בוידעם־שטיבלעך, בחדרי־חדרים, און געהאַלטן זייערע אויגן און אויערן אָפן צו דעם דיקטירן פון לאַנגוויל — גלייך ווי דער שטורעם פון דער צייט וואָלט געווען אַ נעבנזאַך אָדער וואָלט גאָר אינגאַנצן נישט עקסיס־טירט — אויך זיי וועלן פונקט אַזוי געהערן דער צייט ווי די אַנדערע, אין פאַל די קינסטלערישע פערמאַנענץ פון די מאָטיוון וועלן האָבן אויסדויער.

אין פולן איינקלאַנג מיט דעם פּרווו צו אַ באַגרענעצטער טעאָריע פון קאַמף־עסטעטיק איז אויך מאַרקישעס פּסעוודאָ־ראָמאַנטישער בליק, אויף אַ שרייבקונסט, ביי וועלכער די מאָדערנע פּאָעזיע האָט אַ סך צו לערנען — רעטראָספּעקטיוו. „דער גייסט, דער געבוירן־געוואָרענער און אַנטשטאַנענער אין פּיין און אין קאַמף פון דער איבערקערעניש אין אונדזער יאָרהונדערט, שטעלט אַוועק אויף אַלע ביז־איצטיקע קונסט־פאָרמען אַ בלוטיקן שטעמפּל פון אָפּגאַנג: געשיכטע״.

אויב מיר דאַרפן ציטערן פאַר דעם סטיגמאַט, אָפּשרעקן דורך דעם די נעכטיקע קינסטלער — פאַראַנשטאַלט אין ביבליאָטעקן און מוזייען — כדי אַרויסצורוקן אין פאָדערגרונט אונדזער צייט, און דורך דעם אונדזער קאַמף־קונסט, טאָ ווי קענען מיר זיך פאַרגלייכן מיט דער פאַרגאַנגענהייט מיט אונדזערע מאַסן? זייערע האָבן זיך געהאַלטן אין איין וועגן און מעסטן און, קיין ספק נישט, אַז דאָס וואָס איז ביי זיי ווייס, איז פאַרבליבן דורכויס ווייס, און שוואַרץ — שוואַרץ. מיר, לויפנדיק הענדום־פּענדום פון איין פאַרבאָרגן געשעעניש־ווינקל אין צווייטן ווי פאַר׳סמ׳טע מייז, ווען אונדזער איין פּסיכאָז־האַנט ווייסט נישט און רעכנט זיך נישט מיט דעם וואָס די צווייטע טוט, ווען איין אומרייפער קינסטלערישער געדאַנק פאַרלויפט פיבערדיק דעם וועג אַ צווייטן, ווען יאָ־זאָגן איז אויך אין דער זעלבער צייט אַן אָפּלייקענונג, — ווי קאָנען מיר איצט פאַר זיך ראַציאָנאַל און קאָנסעקווענט עסטעטיש קלאָר מאַכן דאָס, וואָס געשעט פאַר אונדזערע אויגן? די פאַרגאַנגענע קינסטלער־דורות האָבן זיך געפּאָרעט מיט אַזעלכע מאַטעריאַלן ווי לבנה, שטערן, גליק, אמת, גלויבן, האָפענונג, שיינקייט, — אַלע אַבסטראַקטע ווערטן. זיי האָבן פאַרמאָגט אַ זיכערקייט אין זייערע באַגריפן און אינטואיציע אַזוי, אַז די זיכערקייט האָט זיך במילא אַריבערגעטראָגן אין די קונסט־ווערק, וואָס זיי האָבן געשמידט. אונדזער דור קינסטלער, האָבנדיק מערסטנס צו טאָן מיט זאַכן, וואָס מיר באַנעמען סענסאָריעל, זענען מסופק אין דער פולקומענקייט פון אונדזערע חושים און דער ספק ווירקט אָפּט נוגאַטאָריש אויף די פּראָדוקטן פון אונדזער שטאַמלענדיקער קונסט־פּסיכיק.

צום בעסטן הענגען מיר, די קעגנוואַרטיקע, אין דער לופטן מיט אַלע אונדזערע ווערטן און באַגריפן. ווער ווייס וואָס דער מאָרגן, ניין, דער שפּעטערער היינט, וועט נאָך אַרויסציִען פון זיין פּוטערפאַס? אפשר...

אפשר... און דאָס מיינט אומזיכערקייט. מאַרקישן אינטערעסירט די אומ־זיכערקייט פון איצטיקן לעבן. מיך — די אומזיכערקייט פון באַגריפן און געפילן, וואָס דאָס איצטיקע אומזיכערע לעבן פאַראורזאַכט. אַ דריטער, אַ שפּעטערער, — נישט מאַרקיש און נישט איך, זענען סוף־כל־סוף ראוי מיט דעם סם פון ספקדיקן געאיילטן אַרויסקוקן אויף דעם עפּעס וואָס דאַרף, מוז געשען, צו טאָן עס, — וועט זיך אַריבערהייבן איבער די צוויי, איינע די צווייטע פאַראורזאַכנדיקע ספקות און, באַפּרוכפּערט מיט אַ קרישטאָל־ריינער זעאונג פון גאַנצן, דעם תוכן פון דער צייט־פּאַנאָראַמע, — וועט אַוועקשטעלן אַ קינסטלערישן מאָנומענט, וואָס וועט פאַרקערפּערן מיט זיך דאָס אומזי־כערע, שטאַמלענדיקע אין מאַרקישן און אין מיר.

מאַרקיש וויל האָבן: די גאַנצע עסטעטיק־קריג פון די פאַרגאַנגענע דו־רות האָט זיך אין אונדזער דור שוין, דאַנקען גאָט, גאַנץ קלאָר מאַניפעס־טירט. נישט נייע פאָרעם, נייער אינהאַלט אַנטהאַלט עס. נישט אַבסטראַקטע פאָרמולעס וועגן קונסט, אינדיווידועלע מאָס און וואָג — די גאַנצע שיינ־קייט דריקט זיך אויס דורך איין מעדיום, און דער סובטילסטער איז — ווי אנדערש קאָן עס זיין? — מענטש. דאָס איבעריקע איז גרים און מאַסקעס. „דער ציוויליזירטער מענטש פאַרבלייבט נישט אויף לאַנג צופרידן מיט דעם הוילן פאַקט פון דער נאַטירלעכער וועלט אָדער פון זיין אייגענעם באַוווסט־זיניקן לעבן. די נאַטור־וויסנשאַפטן פון איין זייט און די טעאָריען פון אויפ־פירן זיך, רעליגיע און קונסט פון דער צווייטער, וואַקסן אַרויס פון דער נויטיקייט צו פאַרשטיין אָדער טעאָריזירן וועגן געשעענישן און אַקטיוויטעטן פונקט ווי פון דער נויטיקייט הנאה צו האָבן פון זיי און זיי נאָכפאָלגן...“
אָבער די ציטאַטע איז פון י. פ. קאַריטס טעאָריע וועגן שיינקייט, זיכער דאָס שלימותדיקע וואָרט איבער שיינקייט־עסטעטיק היינט צו טאָג.

.1925

# באַמערקונג וועגן לאָגיק און שאַפן

וואָס מיינט איר מיט אייער קאָפּיע פון אַ קאַץ? איר שרייבט מיר, אַז איך וועל דאַרפן מאָביליזירן אַלע מיינע קענטענישן אין ביאָלאָגיע, פּסיכאָלאָגיע און פּסיכיאַטריע. אַ קליינע באַמערקונג, כ׳בעט אייך. ביאָלאָגיע קען איך זייער ווינציק. ווי איר ווייסט בין איך דורכגעגאַנגען אַ מיזערנעם קורס און, זינט דאַן, אַביסל געלייענט איבער דעם קעגנשטאַנד. פאַרשטייט איר דאָך אַליין, אַז איך געדענק קוים עפּעס וועגן די „נישט-פאַרלעצנדיקע געזעצן", פון דער „זובריאַזשקע". פּסיכאָלאָגיע הייב איך לחלוטין נישט אָן צו וויסן. ערשט נישט לאַנג צוריק האָב איך זיך פאַראינטערעסירט מיט דער פּסיכאָאַנאַליטיק אין קונסט. אָבער ס׳לייגט זיך דאָך אויפן שכל, אַז דאָס מיינט ווינציק-וואָס ווי אַ וועג-ווייזער צו פּסיכיאַטריע ווי אַ לערע, ווי אַן אָפיציעלע שטודיע. בלייבט — לאָגיק. איך האָב אייך אַמאָל אויסגעדריקט מיין אומליבע און אומצוטרוי צו איר. און אפשר אַדאַנק דער ספּעציפישער דערווידערונג, האָב איך, במשך אַ צייט, זיך אָפּגעגעבן ערנסט מיט איר, כדי לאָגישערווייז צו פאַרמיידן דעם גורל פון לאָגיק.

אָבער לאָמיר זען: אויב מיר זאָלן פּרווון קאָפּירן דעם פּינקטלעכן באַשאַף — קאַץ (לעבעדיקע זאַך) מאָלעקול נאָך מאָלעקול, אַטאָם נאָך אַטאָם, וועט דאָס קאָפּירטע לעבעדיקע באַשעפעניש רעאַגירן אויף לעבן ווי אַן אָרגאַניזם?

נאַטירלעך, ווען איך זאָג „לעבעדיק", מיין איך, אַז עס וועט אויך זיין אונטער דער ווירקונג „מאַטעריע", „ממשותדיקייט" ווי וואָס פאַר אַן אַנדערע לעבעדיקע באַשעפעניש אין דער נאַטור. דענקען? (אַנטשולדיקט — דענקט דען די קאַץ אין אָריגינאַל? איז דאָס לעבן פאַר איר אַ קאָמעדיע?

פילט זי דען? איז דאָס לעבן פאַר איר אַ טראַגעדיע?) דאָס וואַקסן פון די רעפלעקציעס און רעפלעקס־אַקטיווקייט? באַהאַוונטקייט אויף וויפל באַגריף זאָל נישט פאַראורזאַכן (צוריקברענגען) צו דענקען? געדעכעניש? (דאָס זעלבע וואָס דענקען. איינדרוקן אויפן געהירן). פילן ווייטיק? (עס שמעקט מיט פסיכיאַטריע). פאַרוואָס נישט? דער סופריז וואָס גרייט זיך פאַר אונדזערע חושים און ראַזשעט זיי מיט דער האַרמאָניע פון אונדזער פסיכישן צושטאַנד אָדער מיט דער אַנטקעגנגעזעצטקייט.

דערהויפט: פראַגע: ווער די קאַץ לעבן? דוכט זיך... דוכט זיך... נייִן?!

ווען די נאַטור „פאַרפאַסט", שאַפט אַ לעבן, לאָזט זי איבער גענוג סטיכיע אין אירע ווערק וואָס קען, אַזוי־צו־זאָגן, קאָנטראָלירן אַלע עלעמענטן, וואָס זענען אונטערגעוואָרפן דער עוואָלוציע, שוין אָפּגערעדט פון אַלץ וואָס איז פאָרמירט פולשטענדיק, דאָס מעכאַנישע, סיסטעמאַטיזירטע. מיר מוזן זיך צופרידנשטעלן מיט שאַפן זאַכן, ווו עס פעלט דאָס סטיכישע. דאָס איז פייער וואָס ברענט אין אונדז אַליין שוואַך גענוג. קאָנען מיר עס אויפהויפן אין אַנדערע? ווי קענען מיר פאַראייניקן מאַטעריע מיט כאַאָס אַזוי, אַז דער צופלוס און אָפּפלוס זאָל באַווירקן „לעבעדיקערווייז" און פאַראורזאַכן די זאַך זאָל לעבן? ווי קען מען קאָפּירן אַ קאַץ אין אַלגעמיין? געאָלאָגיע זאָגט: די ערד רוט אַזויפיל וויפל זי האָט אויסגעהויכט אין איר באַמיִונג עפּעס אַזוינס וואָס פויזעט אויפן בייכל. אַלץ איז דאַן געווען בויך. קיין קאָפּ, קיין פיס. כאַאָס אין אָפּרו, אין צוגעשטאַנענקייטשאַפט.

איך גלייב קוים צי מ'קען. סיידן גלייבן אין וויסן. לאָגיקע זאָגט, מע קען נישט, אוממעגלעך צו שאַפן. לאָגיקע ווייס כלל נישט וואָס איז שאַפן. לאָגיקע ווייס ווי אַזוי, אויב אַלע אומלאָגישע רעקוויזיטן זענען צו דער האַנט, מע דאַרף זיך אויפפירן, אַז דאָס ביי־דער־האַנטיקע זאָל ווערן פאַקטיש. מיר געפעלט, אַז די פסיכיאַטריע, אויף וויפל איך ווייס עפּעס וועגן איר, קלאַפּט זיך גאַנץ שוואַך מיט אירע פרעטענציעזע וויסנשאַפטלעכע פליגל אין דער וואַנט פון מיסטעריע־געקאָוועטער אייביקייט. ווער דער אָנבריך געשען ווען? מירן זען. איר בעט ביי מיר אַן ענטפער, אַ גרינטלעכן ענטפער, וואָס איז באַזירט אויף וויסנשאַפטלעכער סטרוקטור. אין די רעמלעך פון מיין באַגריף (און איך גיי אַזוי ווייט אַוועק פון אוניווערסיטעט טעקסט־ביכער ווי מעגלעך) קענען מיר דאָס נישט שאַפן.

1932

# עטלעכע ווערטער וועגן קונסט

וואָס און פאַרוואָס איז קונסט? וואָס איז דער זין פון קונסט? טייל האָבן אַפילו שוין געפּרוווט אויסטייטשן דאָס וואָרט, זיי האָבן אָבער נאָר געגעבן דעם נאָמען זייערע אייגענע צונעמענישן. פּרודאָן, מיינונג: די קונסט שפּיגלט אָפּ אין זיך די שיינקייט פון יעדער באַזונדער עפּאָכע. עס איז לייכט צו זען, אַז די קונסט, ווי אַ גאַנצקייט (שיינקייט איז פריִער פאַר אַלע־מען — קאָמפּלעט), נעמט אין זיך אַריין: די מיטאָלאָגישע, אָדער די שיינ־קייט וואָס שפּיגלט אָפּ די פאַרגאַנגענהייט; די מענטשלעכע, אָדער די שיינקייט וואָס שפּיגלט אָפּ אין זיך די קעגנוואַרט, לאָמיר זאָגן — די צו־קונפט. די צעטיילונג איז נישט אינגאַנצן צופרידנשטעלנדיק. אין אַ בוך „אינדישע קונסט" (לײדער דערציילט נישט מיין נאָטיץ־ביכל דעם נאָמען פון פּראָפעסאָר) געפינען מיר: „דער אידעאַל פון דער גריכישער קונסט איז אַטלעטיש, פון דער אינדישער — ספּיריטועל. באַוויז: דער רוחניות־דיקער, אויסגעמאַטערטער בודאַ אין פאַרגלייך מיט דעם מגושמדיקן אַפּאָ־לאָ". איז אָבער פאַראַן אַן אַטלעטיש אינדיש אָפּגאָטל באַדהיזאַטוואַ, וואָס לאָזט זיך פאַרמעסטן מיט אַפּאָלאָן אויף זיין געביט. דאָס לעצטע ווייזט ווי די פּערספּעקטיוו פון דער בודאַ־אַפּאָלאָ־קעגנשטעלונג נייטיקט זיך אין מאָ־דולירונג, אויב עס פאַרוואַנדלט נישט דעם טעזיס פון בוך אין אַ קופּע אַש גאָר אינגאַנצן. דער גריך פון אונדזער צייט, ווי אַנאַטאָל פראַנס האָט געקרויינט טאָלסטאָיען, האָט געפּרוווט זיך דערגרונטעווען צום אמתן אמת וועגן דער קונסט. עס איז אַ גרויסער ספק, אָבער, צי דער בעל־דבר אַליין

איז געבליבן צופרידן מיט דעם רעזולטאַט פון זיין אַמביציעזער אַרבעט. ער האָט אַזוי לאַנג געמעקט, געקלעקט ביז ער פלעגט זיך אָפטמאָל דער־גראָבן צו דער צוויי'טער אומגעווינטשטער זייט פון זיין קונסט־אַנאַליז. די לעכער אויף די אָפּגעריבענע בלעטלעך שטאַרצן אונדז אין געזיכט ווי גלייכגילטיקע פאַרטינטלטע נירוואַנאַס און לאָזן אונדז קאַלט.

פאַונדס דיקטום, אַז „קונסט איז די שטרעבונג צו באַהעפטונג“ (מיט דער קרעאַטור) קלינגט אין אונדזערע אויערן ווי איינער פון די ווייניק־איבערצייגנדיקע סובלימירטע עכאָס, וואָס דער צווייטמוויליקער כראָנאָס האַלט אין איין פאָזיטיוון דערקלערן רגע נאָך רגע. דזשעפערסאָן האַגג, קונסט־קריטיקער, שעליס פריינד און חוזק־מאַכער, מיינט: פּאָעזיע (ווי איינע פון די קונסט־מעדיאַ?) איז אינוועזיווער געדאַנק, ד״ה, דער היפוך פון געדאַנק, ד״ה, אַבראַקאַדאַבראַ, אַבסורדיטעט. עדוואַרד מור (עדווין מיואיר), דער „געצנדינער“, באַקלאָגט זיך, אַז די היינטיקע קונסט איז דערפאַר אַזוי פלאַך, ווייל זי שטרעבט צו ווערן פּאָפּולער, בעט זיך ממש פאַרשטאַנען צו ווערן פון יעדן פאַרבייגייער, און אין דעם פאַר־זעט זי איר וועג צו דערפאָלג ווי קונסט. ווינוואָוד ריד, — דער ענגלי־שער קולטור־היסטאָריקער, וואָס איז אַ סך מער טאַלאַנטפול און ווייניקער באַקאַנט ווי זיין ברודער, דער נאָוועליסט, — מיינט, אַז די שמאָלקייט פון דער גריכישער קונסט (די ליטעראַרישע, אין דעם פאַל) איז דער טרויע־ריקער רעזולטאַט פון דעם, וואָס גריכנלאַנד האָט געמוזט אימפּאָרטירן פּאַפּיר פאַר ביכער פון עגיפּטן, און די פעל פון די חיות, וואָס מע האָט פאַר דעם צוועק באַנוצט, איז געווען אַ זעלטענע סחורה, און דאָס אויסאַר־בעטן — צו קאָסטבאַר, אַז עס זאָל האָבן דערלויבט דער ליטעראַטור זיך פאַרשפּרייטן צווישן פאָלק. פּלאַטאָ האָט אינגאַנצן קיין פּלאַץ נישט פאַר דיכטער אין זיין אידעאַלן שטאַט. איז קונסט קאָרופּט? וואָס און פאַרוואָס? איז קונסט? וואָס איז דער זין פון קונסט?

מיט פּרוידען קומט די וויוויסעקציע פון דער קונסט. פּונקט ווי רע־ליגיע, מוזן די יסודות, וואָס אויף זיי איז געבויט די קונסט, אויך דורכמאַכן חיבוט־הקבר און רעדוצירט ווערן צו דעם אור־טרייב־קוואַל פון הונגער און געשלעכט. צו מיינען, אַז די קונסט וועט ליידן פון דעם וואָס די עקס־

שטראַלן פון פּסיכאָאַנאַליז זענען אַנגעשטעלט אויף איר איז, מילד געערדט, נאַיוו. די שטערן האָבן עקסיסטירט פאַר ניוטאָנען. דעם לעצטנס אַנטדעקן די סיבה פון זייערע וועגן, האָט דער הימלשער רעגאָמע פון די פּלאַנעטן נישט געשאַדט. דער לעבעדיקער בויענדיקער עקסטאַז און די צעשטערנ־דיקע מטושטשדיקייט פון פּיין וועלן זיך ווייטער אָנגיין מיט זייער טויש־שפּיל. דער פּראָגרעס פון דער קונסט (וואָס איז קונסט?) איז אונטער אַלע אומשטענדן אומפאַרמיידלעך, כאָטש עס פעלט דער דעקאַלאָג פון דער עסטעטיק. שטייט דען די עטיק, אַדאַנק די „עשרת הדברות", העכער?

אונדזער נעאַנדערטאַלער עלטערזיידע, — ווען עס איז נמאס גע־וואָרן צו וווינען אין די צוויגן־בלעטער פון די ביימער און וואָס האָט זיך דערפאַר אַריבערגעצויגן, פון זיין אַלטמאָדישער היים, אין אַ באַרג־שפּאַרע מיט אַלע לעצטע פאַרבעסערונגען וואָס נאַטור „לימיטעד", קאָנט־ראַקט־בויער, האָט באַוויזן צו מאַכן, — איז געווען דער ערשטער קינסט־לער. אין דער טעמפּאָ פון זיין אַרומנישטערן איבער די וועלדער פון דער פאַר־פּרימיטיווקייט, איז געלעגן דער ריטם פאַר אונדזער קונסט. אין דעם אופן ווי ער האָט אונדזער עלטערבאָבע, ווען ער האָט זי צום ערשטן מאָל דערזען, אַרויפגעשליידערט צו זיך אויף די פּלייצעס, האָט געטליעט אַ ווונק אויף פאָרם. מיר מעגן אָננעמען, אָן באַליידיקונג, די גאַנצע לוסט־פּסיכיק מיט וועלכער די מאָדערנע גריבלער באַהענגען די קונסט. דאָס פּסיכאָאַנאַליזירן אַלע אייגנשאַפטן פון דער גאַנצער צעצווייגטער קונסט וועט, נאָך מיין באַשיידענער מיינונג, פירן צו דער פאַראייניקונג פון: די קאָלירן פון ספּעקטרום; כראָמאַטיק פון קלאַנג; סטאַטישקייט פון סקולפּטור; פּאָעזיע פון ליטעראַטור; פאָרם און ריטם אין באַוועגונג, — צו דעם פּסי־כאָסינטעז פון אַלע אָפּגעזונדערטע קונסט־צווייגן, וואָס וועלן לסוף זיך פאַרוואַנדלען אין דער גרויסער אַלפאַראייניצלטער קונסט. (וואָס איז קונסט? וואָס איז דער זין פון קונסט?).

.1922

# אויף די ראַנדן

„אויב עס איז ווען געווען אַ דור פון ‚צעלאָזענעם אינדיווידואַליזם׳ אין דער ענגלישער שפּראַך, איז עס דער דור פון שעקספּיר, נעש, גרין, פּיל און די אַנדערע קלענערע און גרעסערע שטערן פון דער עליזאַבע־טישער קאָנסטעלאַציע. קיינמאָל, זינט די נאָרמאַנען, איז די ענגלישע שפּראַך נישט אויסגעשטאַנען אַזויפיל באַצוואונגענע שינויים און פּלוצימדיקע צוגאָבן ווי אין דעם רענעסאַנס־פּעריאָד. די (ענגלישע) שפּראַך איז דאַן גאַליציזירט, איטאַליאַניזירט, לאַטיניזירט, העלעניזירט געוואָרן אַזוי גרינטלעך און מיט אַזאַ טראַסק, וואָס מאַכט אַלע שפּעטערדיקע מאָדיפיקאַציעס פון דער אַלגעמיינער שפּראַך אויסזען נעבעכדיק און פון קיין באַטייט". דאָס איז דער ענטפער פון ד״ר קראַפּ, פון קאָלומביאַ אוניווערסיטעט, איינער פון די גרעסטע אַוטאָריטעטן אין פילאָלאָגיע, פּראָפעסאָר פון עטלעכע גרינטלעכע ביכער איבער זיין ספּעציאַליטעט, צו די „קעמפער פאַר אַ ריינעם ענגליש פון דער קלאַסישער טראַדיציע". נישט זייענדיק קיין נוגע־בדבר, קיין קינסטלער — פאַרקערט, מיט אַ גרויסן אַקאַדעמישן נאָמען — האָט אים אָבער זיין וויסנשאַפט נישט דערלאָזט צו פאַרשווייגן די עוולה קעגן דעם געלעסטערטן מאָדערנעם קינסטלער מצד „די אַלטע ווייבער אין הויזן", וואָס שטייען ביי די ענגלענדער, ווי ביי אונדז יידן, אַרום די שטאַכעטן און גראַטעס פונעם מיאַזמאַטישן איינפלוס און ליאַרעמען דעכעווישנע קעגן יעדן נייעם מענטשן עד־חרמה. פאַרשטייט זיך, אַז קאַרל סאַנדבורג מאַכט אַ תיל־תל פון ענגליש, פון גראַמאַטיק, נוצט „סלענג" און לייגט ניין איילן אין דער אדמה שעקספּירס „הערלעכן" ענגליש. פּאָונד, טענהן זיי, באַנוצט

אין זיינע לידער איטאַליעניש, פּראָוואַנסאַל, לאַטיין און דער רוח ווייסט וואָס נאָך פאַראַ שפּראַכן — זאָל דאָס דערלויבט זיין אין דעם ענגלישן גאָרטנפּראַכט פון אַ בראַונינג? ווי דולדעט מען עס! קענען די פּראָפעסאָרן צוזען דעם צער פון אונטערגאַנג פון זייער שאַץ, די שפּראַך וואָס שעקספּיר, שוין נישט זאָגן טשאָסער, האָט אָנגעהויבן און טעניסאָן און סווינבורן האָבן פאַרענדיקט שיין צו מאַכן, קלאַסיש צו מאַכן, מאַכן צו לייט? וואָס פאַראַ פּאָעזיע משטיינס געזאָגט איז עס, וואָס אַ ווילדער באָדיאַק עליאָט וואַרפט אונדז, פוריסטן, אונטער? וואָס פאַראַ ווילדער ליץ האָט באַשערט דעם צוואַנציקסטן יאָרהונדערט־ענגליש אַזאַ וואָרט־און־גראַמאַטיק קאַליע־טשענדיק פאַרזעעניש ווי אַ דזשיימז דזשאָיס? וואָס ווערט פון דער האַר־מאָניע אין דעם געני פון אונדזער ענגלישער שפּראַך? דער געני פאַר־וואַנדלט זיך אין אַ דעמאָן.

אָבער דער פּראָפעסאָר קראָפּ לאָזט זיך נישט פאַרמוליעווען די ציין, פאַרהאַמעווען דעם שפּראַכלעך היסטאָרישן שכל־הישר, און ווידערפרעגט:

„איז עס האַרמאָניש געווען מיט דעם געני פון דער ענגלישער שפּראַך וואָס די ענגלישע וואָרט־און־גראַמאַטיק אָפּענדערונג־סיסטעם זאָל רעוואָ־לוציאָניזירט ווערן בעתן מיטל־ענגלישן און גאָר־ערשטן מאָדערנעם פּע־ריאָד, און איז עס איצט קעגן דעם געני פון דער שפּראַך ווייטער אומצו־ענדערן די וואָרט־און־גראַמאַטיק סיסטעם? אָדער האָבן אפשר די אויפ־רירנדיקע נאָוואַטאָרן פון זעכצנטן יאָרהונדערט זיך צוגעהערט צו דעם געני פון דער ענגלישער שפּראַך ווען זיי האָבן באַרייכערט דעם ענגלישן ווערטער־שאַץ מיט געליענעם פּוץ פון גריכיש, לאַטיין, פראַנצויזיש, איטאַ־ליעניש און וואָס פאַראַ אַנדערע מעגלעכע קוואַלן, און הערן זיך צו אונדזערע מאָדערנע פאַרטיידיקער פון דער אמונה צו דעמזעלבן קול ווען זיי קעמפן פאַר דער ריינקייט פון אונדזער שאַצבאַרער ירושה?“

און דער פּראָפעסאָר, וואָס דערגייט די יאָרן זיינע קאָלעגן פון גראָבן פּליגל פאַר זייערע טענות־ומענות, שעמט זיך נישט ווייטער איבערחזרן:

„זיכער, ווען מע בליקט צוריק אויף די אויסערגעוויינלעך־צעשטערנ־דיקע און ראַדיקאַלע טאַטן וואָס זענען באַגאַנגען געוואָרן אין דער פאַרגאַנ־גענער געשיכטע פון ענגליש, שיינט נישט, אַז דער געני פון דער שפּראַך וואָלט זייער ערנסט געווען קעגן וואָס־עס־איז, וואָס זאָל באַגיין ווערן אין דער צוקונפט“.

נאַטירלעך, די פילאָסאָפישע קריטיק, אָדער די עוואָלוציאָנערע, ווי מיר קענען זי רופן, האָט שוין גוטגעזאָגט אויף דער אַנטוויקלונג פון אַ קומענדיקן קינסטלערס מעטאָד און עובדה פון אַ פאַרגאַנגענעם קינסטלערס אויסגערונדטן ציקל ווערק. וואַגנער, דער פאַרפאַסער פון מוזיק־דראַמעס, ווערט היינט קיל געזען אין ליכט פון „שטאַם און אָפּשטאַם" ווי אַן אַנט־וויקלטער אָפּשפּריץ פון גלוק, דעם פאַרפאַסער פון „איפיגעניע אין טאַוו־רידע". דער קאָנסערוואַטיווער מוזיקער און דער ראַדיקאַלער, לויט דער מאָדערנער מוזיק־קריטיק, זענען רינג איינס און רינג צוויי אין אַ שכלדיק־אַנטוויקלטער קונסטקייט. מיר ריידן שוין אַפילו פון קאָנסערוואַטיוון וואַגנער און דעם ראַדיקאַלן שענבערג. און שענבערג איז קען זיין שוין נישט דער רינג דריי, אין דער אָרדענונג פון ציילן, נאָר דער דרייצנטער, אָדער דער דרייסיקסטער. זעט נאָר זעט. ער איז ווייט נישט דער לעצטער! דאָס איז נישט וויכטיק. נישט וויכטיק אויך דער איין־אָטעם־זאָג, „די גרויסע מאָ־לער, רעמבראַנט, סעזאַן און פּיקאַסאָ". דערפאַר איז אויך נישט ווינטשנס־ווערט, ווייל עטוואָס דאָגמאַטיש, פון אַזאַ געלערנטן עסטעטישן קריטיקער ווי איוואָר א. ריטשאַרדס צו ווען באַווייזן, אַז די קייט וואָס פאַרמאָגט דעם דימענט פון אַ שעקספּיר־קאַראַקטערישקייט מעג גאַנץ פיין צוהעפטן צו זיך אַ צווייטן דימענט פון אַן ענלעך־געוויכטיקער קאַראַקטערישקייט, ט. ס. עליאָט. וויכטיק איז די נויטווענדיקייט פון מעסטן עכטקייט און קינסטלערישע אינטענסיטעט גראַדאַטיוו.

פאַרשטייט זיך, אַז די גרעסטע צאָל קריטיקער אונדזערע אָריענטירט זיך נאָך אַלץ אויף קעגנוואַרטיקער קונסט מיט דיזעלבע קאַנאָנען וואָס דערמאָנען די היינטיקע דעמאָקראַטישע פּלאַטפאָרמעס, וואָס באַזירן זיך אויף ריינעם דזשעפערסאָניזם, נישט נעמענדיק אין אַכט אַז די קעגנוואַר־טיקע אַמעריקע איז אַריבער הונדערט יאָר עלטער פון דזשעפערסאָנס צייטס פאָדערונגען. עס איז נישט קיין מוז שטענדיק צו באַשולדיקן די פּאָליטיקער אין דעמאַגאָגיע. זיי, ווי אונדזערע קריטיקער, זענען פשוט צוגעווינט צו אַמאָליקע פּאָליטישע לאָזונגען, אָן צו דענקען ווען די לאָ־זונגען זענען פּובליקירט געוואָרן. אָפּגערעדט שוין פון יענע, וואָס האַלטן זיך ביים וואָרט פון אַ שעלינג, קאָלרידזש, געטע און בראַנדעס, נישט האָבנדיק מדקדק געווען דעם גייסט אונטערן וואָרט.

1928

# ענטפער צו אַ קריטיקער

איר בעט מיך איך פאַרשאַפן אַן אריינפיר, אַ דערקלער, אַ מין פיר־וואָרט, וואָס זאָל איך פאַרלייכטערן דעם צוטריט צו מיינע „פּראָצעסיעס און אַנדערע לידער". האָב איך אייך ריכטיק פאַרשטאַנען?

גאַנץ אָפט איז נישט אויסן וועג פאַר דעם דיכטער צו מאַכן אַ זאַכ־לעכן באַשייד, אַנטפּלעקן דעם שורש און דרך פון זיין ספּעציעלער אָריענטאַציע אין טעמאַטישן כמות און קינסטלערישן איכות פון זיינע אייגענע לידער, כדי דערמיט צו געבן דעם לייענער די מעגלעכקייט (די געלעגנהייט?) זיך לעזעריש אָריענטירן אין געגעבענעם ווערק. דאָס באַציט זיך נישט נאָר צום פּשוטן, דורכשניטלעכן, נאָר אַפילו דעם געניטערן לייענער. אָבער דער דיכטער זאָל דאָס טאָן דערקלערעריש פאַרן קריטיקער — דאָס, זעט איר, איז שוין נישט פון די לייכטסטע און פאַרשטענדלעכסטע אויפגאַבעס.

ווי מאָדערן, אַנדערשדיק פון אַלגעמיינעם שטראָם פון דער צייטס פּאָעזיע עס זאָל נישט זיין זיין קונסטפּלוס — נעמט דער פּאָעט אָן, פאַר־באַדינגלעך, דעם קריטיקערס באַזונדערן חוש, ראַפינירטן געשמאַק, געשולט פאַרשטענדעניש אין דעם לעצטנס צוטריט צום בנוגעדיקן ווערק. וואָס דער דיכטער האָט צו זאָגן קריטיש וועגן זיין אייגן ליד — אָפּגעזען פון דעם פאַל ווען ער איז אויך אַרטיקולאַר אין פּראָזאַישן באַשייד — ווערט סומאַריש אויסגעדריקט אין ליד גופא. עס לאָזט זיך נאָך פאַרשטיין ווען דער צוועק איז צו באַלייכטן געוויסע איינצלנע פּונקטן וואָס זענען: א) דער סינטעטישער רעזולטאַט פון דערפאַרונגען, שטימונגען, נישט קלאָר אָדער

עטוואָס פאַרטושירט אויסגעדריקט; ב) אַ נאַטירלעכע פאַרטושירונג, אין קונסט־פּראָצעס, פון דעטאַלן: אָבסערוואַציעס, איבערלעבונגען, שטימונגען, וכ׳, נישט איינפערמיק אינטעגרירט אין ווערק, נאָר וואָס זענען אויס־געגאָסן אין איין אַגלאָמעראַט אין קינסטלערישן טיגל.

— קורץ, ווען דאָ וואָלט זיך געהאַנדלט אין הערות, ראַנדגלאָסן, מאַרגינאַליאַ. איך אָבער רעדט נישט וועגן וואַרפן אַ ספּעציפישע שיין, אַ באַגרענעצטע פאַקטישע באַלייכטונג, נאָר וועגן פאַרשאַפן אייך, ווי איך פאַרשטיי אייער מיין, אַן אויספירלעכן רעקאָרד פון אַ גאַנץ אינדיווידועלן שטייגער הערן, זען, דענקען, פילן, רעאַגירן. אין אַנדערע ווערטער: איר פאַרלאַנגט פון מיר אייך מיטטיילן ווי אַזוי איך פּאַס־אויף, בכלל, אַ זאַך, און דאַן ווי איך ליפער טעאָרעטיש און פאַקטיש, מיין קינסטלערישע טו־אונג. ד״ה, איר לייגט אויף מיר אַרויף די עובדא פון אַזאַ אַקטיוויטעט, וואָס זאָל מיך פאַרוואַנדלען אין דעם פּרע־ און פּאָסט־אורטיילער פון מיין אייגן ווערק.

אפשר וועט אונדז געלינגען זיך איינפאַרשטיין נאָך אַ קורצער נאָר זאַכלעכער פאָרמולירונג פון אַ פּאָר גרונט־פּרינציפּן, נישט ספּעציפיש מיינע. נאָר דער רעזולטאַט פון צייט־אַלטע חקירות, מניעות און חלוקי־דעות ביי געאיבטע געדאַנקען־ראַנגלער אויף דעם געביט פון די צוויי האַרבע קעגנשטאַנדן, פּאָעזיע און קריטיק. פּאָעזיע ווערט באַטראַכט פאַר אַ רעזולטאַט פון דער איבונג פון דעם געפילפולסטן מענטשלעכן אינסטרו־מענט, די אַקטיוויטעט פון איידלסטן געשפּיר־מעכאַניזם. קריטיק פאַרקער־פערט פאָרמולעס, דאָגמעס, פּרינציפּן. פּאָעזיע שטעלט מיט זיך פאָר גאַנץ אָפט אַ געוועב פון אילוזיעס. קריטיק איז אַן אַדעקוואַט ניכטערע פאָרם פון באַשיידן די פּאָעטישע טהאומאַטורגיע. פּאָעזיע פּרעזענטירט אונדז מיט דעם אינדיווידועלסטן סאָרט איזאָלאַציע. קריטיק איז דער באַגרינדטער אינדעקס, אַ מיושבדיקער סך־הכל, וואָס פאַראַלגעמיינערט און רעלאַטי־ווירט די איזאָלאַציע. פּאָעזיע מוז זיין אָריגינעל. קריטיק מעג זיין דערי־וואַטיוו.

פון דעם וועט אייך קלאָר ווערן, שיינט מיר, די אויפפאַסונג פון קינסט־לערס שאַפערישער פונקציע פון איין זייט, און דעם קריטיקערס אינטער־פּרעטאַטיווע פונקציע פון דער צווייטער זייט. ביידע בילדן איין אַרביטראַר גאַנץ וואָס דאַרף (פּאָעזיע) פאַרשאַפן דעם לייענער גענוס (פּאָעזיע), און

(קריטיק) באַגרינדן דעם „פּאַרוואָס" פון דער ספּעציעלער קונסט־לאָגישער עסטעטיש־באַרעכטיקטער עקסיסטענץ (קריטיק). דער קריטיקער, אַזוינאָך, פלאַנצט און קולטיווירט דעם לייענערס געשמאַק. דער דיכטער ליפערט דאָס בעסטע צו באַפרידיקן דעם געאײדלטן געשמאַק. פּאָעזיע און קריטיק פאַרשיידענען זיך אויף אַזויפיל אויף וויפל דאָס ערשטע איז פאָרמעל אידעאַליסטיש, דאָס צווייטע — בכיוון פּראַגמאַטיש.

(קריטיק קען אויך זיין מיטשאַפעריש, אָנרעגן צו שאַפן קוואַליטאַטי־ווערע קונסטווערק, און דערגרייכט צומאָל די מדרגה פון אָריגינעלער שאַפונג, קריטיש. נעמען בלויז עטלעכע פון די העכסטע מוסטערן: אַריס־טאָטלס און יוליוס צעזאַר סקאַליגערס „פּאָעטיקס", לאָנגינוסעס אָפּהאַנד־לונג „וועגן דעם געטלעכן", די קריטישע באַאָבאַכטונגען פון יאָאַכים די בעלעי, פּיער דע ראָנסאַר, קאָרנעי הוגאָ; די קריטיק פון סידני, דעניעל, בען און ד"ר דזשאַנסאָן, דראַידן, וואָירדסוואָירט, קאָלרידזש, לאַנדאָר; לע־סינג, שילער, געטע, האָראַצס פערזן „אַרס פּאָעטיקאָ", בואַלאָ־דעפּרעאָס סטאַנסן „ל'אַרט פּאָעטיק", אַלעקסאַנדער פּאָופּס פּאָעמע פון העראָישע קופּלעטן „אַן עסעי וועגן דער קריטיק", מאַרקאָ דזשיראָלאַמאָ ווידאַס לאַנגע פּאָעמע „די פּאָעטישע קונסט". זיי זענען וויכטיק נישט נאָר פון קריטישן שטאַנדפּונקט, נאָר זייער וויכטיקייט איבערפאַלבט זיך מיט דעם פאַרגלייכ־לעכן הויכן פּאָעטישן ווערט פון די ווערק. עס איז אָבער אינטערעסאַנט צו באַמערקן, אַז לויט גאַנץ אויטאָריטאַטיווע מיינונגען האָט דער געניאַלער יונתן סוויפט, אפשר נישט באַגרייפנדיק אַפילו ווי פונדאַמענטאַל זיין דיאַג־נאָז איז געווען, אין זיין סאַטירע „דער קאַמף פון די ביכער", אַנטפּלעקט די הויפּט־סיבה אין דער אומפּרוכטבאַרקייט פון קריטיק, נישט נאָר פון זיין צייט, נאָר דורך דער גאַנצער שטרעקע פון די צוויי טויזנט יאָר צווישן אַריסטאָטלען און קאָלרידזשן. „די אַנשטעקנדיקע קראַנקייט, וואָס הייסט פּאָלעמיק האָט פאַרוואַנדלט צופיל קריטיק אין מפּילעך.").

נון, איך פון מיין זייט האָב לויט מיינע בעסטע כוחות געמאַכט דאָס ווערק, וואָס, איך האָף, קאַנדידירט פאַר אַ קונסטווערק. מיין טרעפלעכער אויפטו אָדער פאַרדריסלעכער מום דאַרף פון אייך, דעם קריטיקער, נאָך געהעריק צעגלידערן, פעסטגעשטעלט ווערן, ווי אַ גרעסערער אָדער קלע־נערער דערפּאָלג, אָדער דורכפאַל: ווי אַ גוטער, בעסערער אָדער ערגערער

קונסט־באַמי; אין דעם ווערנאַקולאַר פון אונדזער ביז־איצטיקער ייִדישער אַרטיקולירונג: פאַר אַ פּראָדוקט פון טאַלאַנט אָדער טאַלאַנטלאָזיקייט.

ווען איר ווענדט זיך צו מיר מכוח מיינע ווערק גלוסט זיך מיר אָננעמען, אַז איר באַציט זיך, ברייט גערעדט, אויף דער פּאָעזיע וואָס איז נישט נאָר צופעליק מיין אייגענער פּראָדוקט, נאָר אויך דער פּראָדוקט פון אַנדערע, און פון גרויסן אינטערעס פאַר מיר. פון די עטלעכע אַרטיקלען אייערע, וואָס איך געדענק צו האָבן געלייענט, איז מיר נישט פאַרבליבן אַ געדעכעניש, אַז איר זאָלט מיט מיין ליטעראַטור (נישט נאָר מיט דער פון מיר געשאַפענער, נאָר אויך מיט דער פון מיר געאַכטער) האָבן עפּעס צו טאָן. איז ווי קען איך דערוואַרטן פאַר אייך אויפצוטאָן פּריוואַט דאָס, וואָס דער פאַרעפנטלעכטער טייל פון מיין געשעצטער, קוואַנטיטאַטיוו באַגרענעצטער ליטעראַטור, האָט אייך פאַרפעלט צו באַווייזן איבערציייגנדיק? האָב איך דאָך אַליין פאַרעפנטלעכט — אמת, אין אַ גאַנץ קנאַפּער מאָס — אַרטיקלען אין וועלכע איר וואָלט געקענט געפינען אָפּגעשפּיגלט מיינע קריטישע אַני־מאַמינס. וואָלט איר זיי, — ווי אויך די מאָגערע צאָל אַרטיקלען פון אַנדערע, אַפילו פרעמד־שפּראַכיקע, דאָך אידעיִש און עסטעטיש נאָענטע פענען, — געווען געלייענט „מיט קאָפּ", וואָלט איר אפשר איצט נישט באַדאַרפט נאָכפרעגן און פאָרשן וואָס איך וועל מיט אייער דערלויבעניש פאָרמולירן   צי ביי מיר   איז 2 מאָל 2 — 4?

אמת, איר קענט צו מיר קומען מיט אַ קעגן־טענה. נישט געקוקט דערויף, וואָס אַ געוויסער סאָרט פּאָעזיע האָט אָנגעהויבן פערמענטירן אין ייִדיש מיט אַן ערך אַנדערהאַלבן צענדליגג יאָר צוריק, געפינט זיך די פּאָעזיע נאָך אַלץ אין אַ פאַרשאָטנטן צושטאַנד, נישט האָבנדיק זיך דעראָבערט קיין ברייט־פאַרצווייגטע בירגעררעכט אין אונדזער ליטעראַטור, אויף וויפל עס איז שייך דער פּרעטאָרישער גוואַרדיע פון אונדזער מאָנאָפּאָליע־מבינות־זאָגעריי. די קאַזיאָנע ייִדישע קריטיק האָט דורך אירע מירמידאָנען נאָך עד־היום זיך נישט פאַרמאָסטן מיט אַן אַנאַליז וואָס זאָל שטרעבן אויסצוגעפינען די סובטילע טאָנאַלע אַנטוויקלונג פון ווערטער־געשטעל און די סטרוקטורעלע האַפט אין דער פערזן־שמידעריי פון דער נייסטער ייִדישער פּאָעזיע. נו איז וואָס? דער מאָדערנער פּאָעט שטעלט זיך דעם אויפגאָב צו אַנטלייזן די פערזן־טעכניק אין אַ פּלאַסטישערן אינסטרומענט — דער פאַרלויף פון אַ נייעם סינטעז. יעדער פאַרמעסט אין דעם פאַל דאַרף צילן

צו שאַפן גרעסערע פּרעציזקייט, אויפכאַפּן די פּאַסיקערע, און ליפערן די אומפּאַרמיידלעך נאַטירלעכע — כאָטש פאַרן רויען געשמאַק, נישט־אויפ־כאַפּבאַרע — ניואַנסן. דער מאָדערנער דיכטער באַנוצט זיך אָפט אין זיין אַרבעט מיט מעטאַפאָר, אריינצופּרעסן וואָס־מער אָביעקטן פון געדאַנק אין די שמאָלע אָבער סטראַינע גרענעצן פון אַן איינציק וואָרט. ער זוכט — אויפן עקאָנאָמישסטן שטייגער פון דינסטער שפּירעוודיקייט — צו פאַר־גרעסערן דעם פאַרגעניגן פון לייענער (אַנטוויקלטן לייענער). עס איז נישט נאָר אינטערעסאַנטער און אָנגענעמער, נאָר אויך קינסטלעריש שפּירעוו־דיקער, צו זען אָביעקטן דורך אַן עלעגאַנט געוועב פון פּערספּעקטיוו איידער ווי זיי וואָלטן פויל, לויז דורכמאַרשירט פאַר די אויגן שערענגעווייז צעפאַלענערהייט. אין שייכות צום „פאַרגלייך״, דעם סימיל, שטעלט זיך אויך דער נייער דיכטער פאַר זיין ציל אויסצוקלייבן אַ פּאָעטישן פאַרגלייך נישט צוליב זיין גשמיותדיקער שיינקייט, ווי אויך נישט צוליב זיין עמאָ־ציאָנעלער אייגנשאַפט, נאָר פאַר זיין פאַרשיידנפאַכיקן אינטעלעקטועלן אָנ־ווענד. ווען דער פּאָעט באַנוצט זיך מיט דעם סאָרט סימיל, איז דער רעזול־טאַט מסוגל צו ווירקן סטימולירנדיק אָנגענעם (אויפן אַנטוויקלטן לייענער).

חוץ דעם זעלטענעם ציל צו קאָקעטירן מיט און איבערראַשן דעם לייענער, און זיך אַ רייץ טאָן מיטן נעגאַטיווירנדיקן קריטיקער דורך אויפפאַלנדיקע נעבן־אַנאַנדערשדיקע וואָרט־פאַרשייכותן (וואָס דאָס איז אפשר אומפּאַרמיידלעך נישט נאָר אין אונדזער שרייבערשן־לייענערשן־קרי־טיקערשן קידער־ווידער), גייט עס נאָכמער אין דעם, אַז דער הויפּט־עפעקט זאָל אָנהענגען אין דער ראַפינירונג (ביז גאָר) פון אימאַזש, אין דער מער־ווי־אַדעקוואַטער פאַרשיידנאַרטיקער ריטמישער געשיקטקייט פון נייעם פערז. אָבער, טענהט איר, „וואָס זאָגן די קריטיקער?״

דאָס בעסטע, און וואָס איז מעגלעך אין בענעוואָלענטסטן „גם זו לטובה״־צושטאַנד אָנרופן „דאָס פיינסטע״ אויף וועלכן מען קען זיך ריכטן פון אַ ליטעראַרישן פאַרשוין, איז ווי אַ קריטיקער האָט דעם שרייבער פון די שורות צוריק מיט אַ צייט מילד אַ לאַשטש געטאָן זיין סענסיטיווע פסיכע: „מיר געפעלט אייער וועג, אייער שטייגער. פאַרוואָס אָבער זאָלט איר באַגיין די עוולה קעגן זיך אַליין און נישט שרייבן פּשוטער, פאַר־שטענדלעכער?״ מיר זאָלן אַפילו אָננעמען, אַז ער וואָלט דערפילט ווי מיט זיין טענה, פאַרוואַנדלט אין אַ ווידוי, פּוטשעוועט ער זיך אַריין אין איב־

טעלעקטועלן זעלבסטמאָרד, וואָלט ער, מיינט איר, געוועזן אין דער לאַגע צו קענען פאַרמיידן זעלבסט־פאַרראַט?

(ווי אַ שטייגער מאַכט דער קריטיקער שלום מיט דעם פאַקט, וואָס אין אַ צאָל פון שעקספּירס קרויןווערק איז שפּראַך קוואַ פאַרשטענדלעכקייט, פאַרשטענדלעכקייט אין סאַמע פּשוטסטן זין פון וואָרט, גאַנץ אָפט איינס פון די טונקלסטע עלעמענטן? אַזוי ווייס יעדער וואָס האָט געלייענט און געלייענט און געלייענט „מאַקבעט", „ליר", „האַמלעט", למשל, אַז שפּראַכלעך זענען די געניאַלע ווערק שטעלנווייז העכסט שווער און אָבסקור. שורות גאַנצע לאָזן זיך בשום אופן נישט טייטשן קאָנטעקסטועל. זיי קלינגען אָפט — ווי דער גלאָררייכסטער באַרד וואָלט ממש געשטאַמלט, אויס דער סאַמע אינטענסיטעט פון זיין אינספּיראַציע און דערפאַר וואָס ער האָט באַגערט צו זאָגן אַזויפיל אין אַזוי ווייניק ווערטער. אין זיין פּרווו אויסצודריקן זיך לאַקאָניש און אַדאַנק דער קאָמפּאַקטקייט וואָס איז דער רעזולטאַט פון דער גליִענדיקסטער אינטענסיטעט, קלינגט שעקספּיר, אָפט, ווי איינער וואָס געפינט זיך אונטער אַ גוואַלדיקן עמאָציאָנעלן דראַנג. נישט זעלטן לאָזט אַ פּאַסאַזש זיך נישט טייטשן אויף קיין אופן; און דער געקליבנסטער לייענער מוז עטאַבלירן אַ סענסיביליטעט־צושטאַנד אויף דער באַזע פון אויסדרוקן, וואָס לאָזן זיך נישט אויסלייזן פון קיין מעגלעכער פּשטות־פּשיטאָ דערלאָזבאַרער געזינונג. נישט צו מאַכן פאַרשטיין קלאָר־קלאָר און זידל־פּשוט און אוי־ווײ אויסדריקלעך ווי אַ מום אויף דער נאָז, נאָר ווי אויפצוהילן, אָנהייכן, אָנדייטן און קוים אָנטבלויזן, ברענגען צו דער סטאַדיע פון אָנונג — דורך סעלעקטיוון בילד, טעלעסקאָפּירטע (כמעט ווי מאָנטאַזש אין אייזנשטיינס פילמעס) באַגריפן, אימאַזשן און מעטאַפאָרן — דאָס איז, קאָנטיק, אויך אַ גילטיק און ווערטפול מיטל ווי ציל אין פּאָעזיע.

אויב איך דערמאָן דאָ פריִער דעם אורטיילער און ריכטער, איז עס בלויז דערפאַר וואָס אין זיין „פּערסאָנאַ" לאָזט זיך באַצייכענען דער ריכטיקער טיפּ פון די אומריכטיקע, אָדער דער פּינקטלעכער סאָרט פון די אומפּינקטלעכע. שווער און נישט אָנעגנעם איז צו וואַרפן אויף די קריטיקער (און זיי זענען די רעפּרעזענטאַנטיווסטע ביי אונדז), די באַשולדיקונג אַז זיי טראַכטן נישט. אָבער האָבנדיק פאַר זיך דעם רעזולטאַט פון אַזאַ איינעמס דענקערישן באַמי, זע איך נישט אײן ווי מען קען נישט איינזען,

אַז די פונקציע פון פּאַרשטיין איז ביי אַזעלכע פּאַרטאָרמאַזירט, און ווייל נישט קולטיווירט, — אינגאַנצן אַטראָפּירט. טאָ ווײַזשע קען שוין דאָ קומען צוריק פון שאַצן און אָפּשאַצן? אַוודאי וואָלט שוין צייט געווען אונדזערע מסדרים זאָלן באַגרייפן דעם ענדציל פון קונסט (און פון פּאָעזיע ווי העכס־טער קונסט). עטאַבלירן אַ צושטאַנד פון סענסיביליטעט.

צוריק צו זיך. ערגעץ־ווו האָב איך מסתם ליטעראַרישע קוואַטערס, אָפילו קינסטלערישע טאַטע־מאַמע. פּאַרוואָר, אַ גאַנצע ליטעראַרישע משפּחה, וואָס קער מיר אָן פעטערס, מומעס, באָבעס, זיידעס, ביי וועמען איך האָב געאַרבט זיטן, אופנים, פּיסטעמקעס. ווער זיינען זיי? איר דערמאָנט אין אייער בריוו אַ פּאָר נעמען און זענט מתחתן, אין מיר ווי אַ צונויפפיר־פּונקט, דעם יאָדערדיקן מענדעלי, דעם באַליבטן שוכן־עפר פון קאַפּוליע וואָס זאָל זיך מ׳זען אויף יענער וועלט פאַר אונדזער מיזערנער קוידערישער מ׳זעניש דאָ; און דעם שוין־גאָר־נישט־שפּעטנעם עזרא פּאַונד, דעם שווער־צו־גלויבן־עס אייאָוואַ נכתב וואָס, קערט צוזאַמען מיט אונדז דאָ וועלטן, כאָטש די וועלט איז אונדזער מין וויניק־וואָס אויסן. קערן זיי מיר עפּעס אָן? אויב איר מיינט, אַז די סומאַטאָכע מיכל ליכט פאַרדינט די טרחה, איר זאָלט זיך ראָיען און גלידערן אין די בלעטער פון זיין קינסטלערישן ספר־היחוס און זיך דערגרונטעווען צו דעם פּאַרשוינס ליטעראַרישע אָבות, טאָ זוכט, נישטערט און שטעלט פעסט דאָס געירשנטע האָבנגוטס פון די פאָרלויפער, זייער גאַנג, סטיל, זייער אינדיווידועלן און קאָלעקטיוון אופן הערן, זען, דענקען, פילן און אויפפאַסן, כדי זיך צו פּאַרפּעפּעטואירן.

מיר איז, סוף־כל־סוף, געווען בלויז וויכטיק אויפשרייבן מיינע לידער. דאָס אָפּדרוקן זיי קען איך שוין אַזוי לייכט נישט פאַרענטפערן. אַזוי ווי צו באַלייכטן דעם פּונקט וואָלט אונדז פאַרפירט אין צו־וויטע דרכים, וועל איך עס דערווייל אָפּפּטרן דערמיט וואָס איך וועל דעם דראַנג צו דרוקן אָנרופן אַ מין רעפלעקס־באַוועג, וואָס פאָלגט דירעקט נאָך דער שרייב־אַקטיוויטעט. וואָלט איך געווען געפונען פאַר נייטיק צו באַגלייטן מיינע לידער מיט קאָמענטאַרן, וואָלט איך געווען אָנגעגורט די לענדן און, געלונגען צי נישט, געמאַכט די אַרבעט. מן הסתם האָב איך פירושים געפונען פאַר איבעריק, סיי פאַר זיך אַליין, סיי פאַר מיין צוגאַנג צום לייענערס צוגאַנג צו מיר.

אַנטשולדיקט פאַר מיין ענטפערן אייך בפרהסיה און נישט פּריוואַט.

ווי אייער בריוו פאַרדינט אפשר. איך מיין, אָסור, זיך אַריינלאָזן אין פּאָ־לעמיק מיט אייך אָדער וועמען אַנדערש. איך זוך קיין אַנדער זאַך נישט — בלויז קלאָר־מאַכן מיין שטעלונג, איינמאָל פאַר אַלעמאָל. מיין ליד זוכט קיינעם נישט, נאָר מיך אַליין, און ווען עס קערט זיך אום צו מיר, פּונק־ציאָנירט עס נישט ווי אַ בומראַנג, נאָר ווי אַ דערפולונג. דעם לייענער זוך איך נישט, ווייל ער איז נישטאָ לויט מיין, דאַכט מיר, געשייטער, און ווי איר מעגט זיך טראַכטן איבערטריבענער מיינונג. (אַפילו די שורות זענען געצילט: א) דירעקט — אויף קיין אַנדער אָננעמער, אויפנעמער, צו־ריקוואַרפער ווי בלויז אויף עטלעכע מענטשן, וואָס וועלן באַשטימט רעאַ־גירן אויף זיי, קריטיש אָדער אומקריטיש; ב) אומדירעקט — אויף אייך). דעם קריטיקער באַשטרעבט נישט מיין ליד דערפאַר, וואָס אויב קריטיקער זענען יענע, וואָס האַלטן מיר אין פון־צייט־צו־צייטיקן דראָען אָט־אָט צו פאַרשווענגערן מיט אַן אַרטיקל וואָס זאָל מיך אַנטפּלעקן פאַרן פּאָעטישן שר אָדער שד אין יידישן ליד־געביט, טאָ לאָמיר אויס געפּיל פון אָנשטענ־דיקייט פאַרבייגיין אַזעלכע און ענלעכע קאַטאַוואַסיעס אין שטילשווייגעניש.

אין אונדזער ליטעראַטור, להיפּוך אַנדערע ליטעראַטורן, איז דער גאַנצער ענין וואָס דאַרף דינען ווי אַ מאָזאַיק פון פּאָעטישע פּראָבלעמען באַזונדער, קריטישע פּראָבלעמען באַזונדער, און פוןביידע אין פאַרוואַנד־שאַפט איינס צום צווייטן, — נאָך דורכויס נישט קיין פעסטגעשטעלטער און ווייט־ווייט פון אַנגעפּאַנגען אויפגעפּאַסט צו ווערן פּרוכפּערדיק — סיי איינצלאַרטיק, סיי פּילפּאַכיק. אונדזער ליטעראַריש געשטעל — ענלעך צו אַנדערע ליטעראַטורן — באַשטייט פון דריי דעפיניטיווע נישט־אַרביטראַרע צעטיילונגען: א) די סוב־ליטעראַרישע, אָדער די מעכאַניש־באַנאַלע; ב) די רעגירנדיק ליטעראַרישע אָדער די מוסטערהאַפטע (אָן שום שייכות צו דער ווערטפּולקייט און דערהייבנקייט פון די מוסטערן, ד״ה, גרעסטנטייל די פּראָפּאַנע), וואָס ליפערט וויקאַריאַזע עמאָציאָנעלע איבערלעבונגען, מערסטע פון וועלכע נודיען, ווי דע שאַרלי ציטירט קסענאָפאָנס אַ זאָג, „הונדערט דראַכמעס אויף דער שעה;“ און ג) די קוים־מיטן־אויג־און־געמיט־צו־כאַפּן עקספּערימענטאַלע און אַוואַנגאַרד־ליטעראַטור, מיט וועלכער די פאָלקס־ריכטער פאַרנעמען זיך אינגאַנצן נישט, און ווען די ברייטע קריטיק דראַפּעט זיך שוין ווען אַרויף אָדער נידערט אַראָפּ צו איר מאַכט זי עס, מיסרעפּרעזענטירנדיק און מיסאינטערפּרעטירנדיק, בלויז קאָנספיקוועז נע־גאַטיוו.

דעם ערשטען דערמאָנטן סאָרט ליטעראַטור מעג מען אינגאַנצן פאַר־בייגיין, אויף וויפל ער איז קינסטלעריש לחלוטין אומוויכטיק און עסטעטיש אומשעדלעך (?). די סטאַנדאַרטע אָדער מאָנאָפאָל־ליטעראַטור איז וויכטי־קער, ווייל נישט געקוקט דערויף, וואָס זי דינט ווי אַ (גאַנץ אָפט געווינטשטע) שטעלפאַרטרעטערין פון ערשטן טיפ ליטעראַטור, פאַרמאָגט זי צומאָל מעלות פון אַ מעסיקן קונסט־מעדיום, דורכפילטרירט ווי זי ווערט דורך אַ קאָנ־ווענציאָנעלער געזינונג־אויפפאַסונג. (ניט שייך צו האָבן טענות צו די קאָנ־ווענציאָנעלע שרייבער, נאָר צו די קאָנווענציעס גופא.) ליטעראַטור פון דער דריטער קאַטעגאָריע, די אַוואַנגאַרד און עקספערימענטאַלע (און דאָ צעשיי־דענען מיר זיך פון וועלט־ליטעראַטורן), עקסיסטירט אין דער גאַנצער גאַמע באַוווסטזיין און פסיכישער דערפאַרונג ביי געציילטע (אפשר), דערגרייכנדיק ביי נאָך געציילטערע (הלוואי ווייטער און צאָלרייכער) ביז סעקטאַנטסטווע.

צו סומירן. עס לאָזט זיך גלויבן, אַז ווען די אַלגעמיינע קריטיק וואָלט זיך פאַרנומען ערנסט מיט דעם דריטן טיפ ליטעראַטור, וואָלט די אָפּשאַ־צונג געווען, אין בעסטן פאַל, אַ ווולגאַריזירונג, און אין ערגערן פאַל, אַ קאָרומפּירונג. ווייל עפּעס געדענקט זיך נישט וועלכע קריטישע פראָזע פון אַ יידישן קאָמענטאַטאָר איבער פאָעזיע (אפשר אויך נישט פון וועלכן אַנ־דערן קונסטצווייג) פון וועלכער מען זאָל קענען אַרויסלייענען אַ דערפאַרונג פון די ווערטער: „...אַ פינקטלעכער געשמאַק אין פאָעזיע, און אין אַלע אַנדערע קונסטן... איז אַ דערוואָרבענער טאַלאַנט וואָס קען בלויז פראָדו־צירט ווערן דורך נאָכדענקען און אַ לאַנגן כסדרדיקן פאַרקער מיט די בעסטע מאָדעלן פון קאָמפּאָזיציע." (פון וום. וואָירדסוואָירטס פאָרוואָרט צו דער צווייטער אויפלאַגע פון „לירישע באַלאַדן." אגב, איז וויכטיק צו באַמערקן, אַז די אינטערעסאַנטסטע דעבאַטע מכוח „פשטות", פראָסטער שפּראַך און שייכותדיקע פראָבלעמען, איז פאַרקערפּערט אין דעם דערמאָנטן פאָרוואָרט און אין קאָלרידזשס „ביאָגראַפיאַ ליטעראַריאַ", און די קאַפּיטלעך וועגן וואָירדסוואָירטן און זיין פּאָעטישער טעאָריע).

צוריקצוקערן זיך צו אייך — נו, וואָס אַ שטייגער וואָלט אייך שוין אַרויסגעקומען און וואָס פאַראַ גוטס וואָלט עס אייך געטאָן, ווען איך זאָל אייך דערקלערן וועגן מיינע „פּראָצעסיעס" אַז זיי האָבן געזאָלט זיין אַ גאַנצע איין־ליד פאָרמולירונג, נאָר צוליב דער פראַגמענטאַרישקייט פון היינטיקן לעבן (מאָלט אייך, ס'איז בלויז אַ תירוץ פאַר דעם צאַנקען פון די אייגענע

בענטשליכט!) איז די פּאָעמע צעשפּליטערט אין קירצערע לידער לויט דער אָרדענונג פון „אין מוקדם ומאוחר?” און אויב איך זאָל צוגעבן: „אַזוי ווי די שטימונג פון גאַנצן ציקל טרעט אַריבער די גרענעצן פון איינאיינציקער עמאָציע, זענען די לידער שוין במילא נישט געקרוינט מיט דער קינסטלע־רישער ענדגילטיקייט אין דעם זין ווי, למשל, בלויז שעקספּירן (כאַ־כאַ) איז געלונגען אויסצודריקן זיך מיט פינאַלקייט” — נו, ווערט איך עפּעס קלערער דערפון?

ס׳וואָלט אפשר געווען צו ווינציק געזאָגט, ווען איך וואָלט באַהויפּט, אַז מיך וווּנדערט אייער אינטערעס אין מיין דיכטונג. ס׳וואָלט אָבער געווען איבערטריבן פלוצים אַרויסווייזן גרויס נייגער אין אייער פּאַראינטערע־סירטקייט אין מיין דיכטערישער טעטיקייט. מע מוז „האַלטן קאָפּ” ביי סענ־טימענטן ווי ביי טעאָריעס, כאָטש מע פאַרפּלאָנטערט זיך איןביידע סאָרטן נעצן אויף אַזאַ אָדער אַן אַנדער געשטרויכלטן אופן. אונדזערע פריינט „די יונגע” האָבן בשעתם געגלויבט, אַז זיי פילן באַשטימט אין וואָס עס ליגט דער שליסל צו עכטער פּאָעזיע. אַנדערע פּאָעטישע פריינט אונדזערע האָבן זעלבסט־איבערצייגנדיק אָפּט מאַניפעסטירט גענויע באַגרינדונגען וואָס אַזוינס פּאָעזיע איז. מיר — יענע צווישן וועלכע איר קענט באַקוועם מיין ווינציקייט אַריינרעכענען — ווילן אָננעמען אַז מיר האָבן קיין אַנונג נישט וואָס דער ריכטיקער צוטריט צו פּאָעזיע איז בכלל. און באַגערן דורכויס פאַר זיך די פּריווילעגיע צו טראַכטן, אַז מיר קענען די פאַרנעפּלטע פּראָבלעם לייזן, איטלעכער אין זיין אינדיווידועלן פאַל. און די מומחים אין ליט.־מבינות? ווי עס טוען, געוויינטלעך, אונדזערע קריטישע מסדרים, דאַרף אַ יידישער קינסטלער שוין גלייכער פילן ווי צו לאָזן דעם ענדגילטיקן אורטייל איבער זיך אין דעם באַשיינפּערלעך כאַאָטישן (כאָטש לאָמיר האָפן, אין תוך אָרדנטלעכן) רשות פון דער שפּעקולאַטיווער טראַנצעוואַטער צוקונפט, איי־דער צו די קריטישע טערכערערס. „שלום”, דעפינירט ספּינאָזע, „איז נישט די אָפּוועזנקייט פון מלחמה, נאָר אַ מעלה וואָס טויכט־אויף פון גייסטיקער גבורה.” דאָ ווערט נישט געזוכט צו דערקלערן קריג אָדער שליסן פרידן מיט ווער עמען־ס׳איז. דאָ גייט אויך נישט אין פאַראַדירן אייגענע טוגנטן אָדער טייטלען אויף פרעמדע פעלערן, נאָר בלויז אין ציען אַ שאַרפע אָפּטייל־ליניע צווישן זיך און גייסטיק נאָענטע פון איין זייט, און פאַרסמטע, יאַטערנ־דיקע צאַנקערייען פון דער צווייטער זייט.

לעצטער באַמערק, אויב אפילו נישט קיין עיקר שכחתי: — דערלויבט מיר צוגעבן, אַז איר וועט דאָ און דאָרט אין מיינע לידער, קוים פאַרנעמט איר זיך מיט זיי, געפינען פערזענלעכע רעאַגירונגען נישט נאָר בנוגע שיקזאַל, פאפשוי און טירקלטויבן, נאָר אויך צו דער גאָט־פאַרדאַמטער ווונדערלעכער פראָבלעם, וואָס דאַכט זיך יעדן קינסטלער ווי בלויז, אויסשליסלעך און אויספירלעך, זיינע, און נישט ווי אַ רשות־הרבימדיקע. דאָס איז די פראָבלעם פון אַלע פראָבלעמען. ווען איר לייזונג ליגט שוין כמעט אַזוי גוט ווי ביי אייך אין דער פאַכמענישער בוזעם־קעשענע, זעט איר זיך ערשט אַרום אַז — לא היה ולא נבראָ. זי איז ווי קוועקזילבער, אַ שרעטעלע, מיראַזש. איר נאָמען — פאַרשטענדלעכסטער און פאַרנעפלסטער — איז: קונסט. ווען די האַרינטע באַערט אייך מיט איר אָנוועזן אין דער צעשטראַלטער גליקזעליקייט פון אינטימסטן ראַנדעווו, קענט איר דען פילן אַנדערש ווי זיך איינצושליסן אין יענעם אומבאַזיגבאַרן מאָמענט פון „צייט“ און פאַרזיגלען אים מיט אַ שאַרפן אָפשליסלעכן תם ונשלם, אַזוי אַז אין דעם „חזק חזק ונתחזק“ זאָל קיינער נישט קענען צוטרעטן מיט פאַרדאָרבונג צו אייערע ד׳ אמות, און איר ווילקאָמט דאַן גיכער קראָפיווע וואָס פאַרדעקט יעדן שטעג צו אייער צעלט אין דער וויסטע, איידער די אויגן־צערטלענדיקסטע און פיינסט־גערוכיקע פלאַנצן אויף די ראַנדן פון די סטעזשקעס, וואָס וואָלטן אויסגעטאָפטשעט געוואָרן פון נישט־באַדאַכטע, שאָקירנדיק־טראָמפלענדיקע מושטירער, אַנאַלפאַבעטן און איבערפאַלער?

1934

ט. ס. עליאָט

# דער פולקאָמער קריטיקער

"Eriger en lois ses impressions personelles, c'est le grand effort d'un homme s'il est sincère." (Lettres à l'Amazone)

אַריינצופירן אין געזעץ פערזענלעכע אימפּרעסיעס, דאָס איז די גרויסע באַמיונג פון אַ מענטשן אויב ער איז אויפריכטיק.

קאָלרידזש איז געווען אפשר דער גרעסטער צווישן די ענגלישע קריטיקער, און אין אַ געוויסן זין — דער לעצטער. נאָך קאָלרידזשן האָבן מיר מעטיו אַרנאָלד; אָבער אַרנאָלד — איז לייכט נאָכצוגעבן, מיין איך — איז גיכער געווען אַ פּראָפּאַגאַנדיסט פאַר קריטיק איידער אַ קריטיקער, מער פּאָפּולאַריזאַטאָר ווי אידייען־שאַפער. אַזוי ווי דער (בריטישער) אינדזל פאַרבלייבט אַן אינדזל (און מיר זענען נישט נעענטער צום קאָנטינענט ווי אַרנאָלדס צייט־מענטשן זענען געווען) וועט אַרנאָלדס אַרבעט זיין וויכטיק; עס איז אַלץ נאָך אַ בריק אַריבערן קאַנאַל, און עס וועט שטענדיק האָבן געהאַט אַ באַטייט. זינט אַרנאָלדס פּרווו צו קאָרעגירן זיינע לאַנדסלייט, האָט די ענגלישע קריטיק נאָכגעפאָלגט צוויי ווענדונגען. ווען אַ פאָרנעמער קריטיקער האָט אַנומלט באַמערקט, אין אַ צייטונגס־אַרטיקל, אַז „פּאָעזיע איז די העכסט־אָרגאַניזירטע פאָרם פון אינטעלעקטועלער טעטיקייט", זענען מיר געווען באַוווסטזיניק, אַז מיר לייענען נישט קאָלרידזשן און נישט אַרנאָלדן. נישט נאָר האָבן די ווערטער „אָרגאַניזירטע" און „טעטיקייט", דערשיינענדיק בייגאַנד אין דער פראַזע, יענע באַקאַנטע נעפּלהאַפטע סוגעסטיע

פון דער וויסנשאַפטלעכער אויסשפּראַך, וואָס איז אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַרן מאָדערנעם שרייבן, נאָר אַזעלכע פראַגן עס זענען געשטעלט געוואָרן, וואָס קאָלרידזש און אַרנאָלד וואָלטן נישט געוועזן דערלויבט צו שטעלן. אויף וואָס פאַרא אופן, אַ שטייגער, איז פּאָעזיע מער „העכסט אָרגאַניזירט" ווי אַסטראָנאָמיע, פיזיק, אָדער ריינע מאַטעמאַטיק, וואָס מיר מאָלן זיך, אין שייכות צום וויסנשאַפטסמאַן וואָס פּראַקטיצירט זיי, ווי „אינטעלעקטועלע טעטיקייט" פון אַ נישקשהדיק הויך־אָרגאַניזירטן טיפּ? „בלויזע שנירלעך ווערטער", זעצט פאָר אונדזער קריטיקער פאָרטרעפלעך און וואָרהאַפטיק, „אָנגעוואָרפן ווי פאַרב־פלעקן אויף אַ ריינעם לייוונט, קענען דערוועקן אי־בעראַשונג... האָבן אָבער קיין באַטייט נישט אין דער געשיכטע פון ליטעראַ־טור". די פראַזעס, דורך וועלכע אַרנאָלד איז צום בעסטן באַקאַנט מעגן זיך זיין נישט אַדעקוואַט, זיי מעגן אָנהויפן מער ספקות ווי זיי צעשטרייען, אָבער זיי האָבן געוויינלעך עפּעס אַ זין. און אויב אַ פראַזע ווי „די העכסט־אָרגאַ־ניזירטע פאָרם פון אינטעלעקטועלער טעטיקייט" איז די העכסטע אָרגאַני־זאַציע פון געדאַנק אויף וואָס קעגנוואַרטיקע קריטיק, אין אַ פאָרנעמען פאָרשטייער, איז פּעיִק, דאַן באַשליסן מיר, אַז מאָדערנע קריטיק דעגענערירט.

די ווערטערלעכע קראַנקייט, פונאויבן באַמערקטע, קען רעזערווירט ווערן פאַר דיאַגנאָז אויף שפּעטער. עס איז נישט קיין קראַנקייט, פון וועל־כער אַרטור סימאָנס (ווייל די ציטאַטע איז, פאַרשטייט זיך, נישט זיינע) ליידט אָנזעונלעך. סימאָנס רעפּרעזענטירט די אַנדערע טענדענץ; ער איז אַ פאָרשטייער פון וואָס עס ווערט שטענדיק אָנגערופן „עסטעטישע קריטיק", אָדער „אימפּרעסיאָניסטישע קריטיק". און עס איז די פאָרם קריטיק, וואָס איך באַצוועק שוין צו עקזאַמינירן. סימאָנס, דער קריטשער נאָכפאָלגער פון (וואָלטער) פּאַטער, און טיילווייז פון סווינבורירנען (איך מאָל מיך, אַז די פראַזע „קראַנק אָדער טריב" איז די אַלגעמיינע אייגנשאַפט פון אַלע דריי), איז דער „אימפּרעסיאָניסטישער קריטיקער". ער, אויב עמיצער, קען מען זאָגן, אַנטבלויזט אַ סענסיטיוון און קולטיווירטן מוח — קולטיווירט, ד"ה, דורך דעם אָנזאַמל פון אַ באַטייטנדיקער פאַרשיידנקייט פון אימפּרעסיעס אין אַלע קונסטן און עטלעכע שפּראַכן — אין פאָדערגרונט פון אַן „אָביעקט"; און זיין קריטיק, אויב עמעצנס, וואָלט מען געקענט זאָגן, אַנטפּלעקט פאַר אונדז, ווי אַ סטערעאָטיפּ, דעם געטרייען רעקאָרד פון אימפּרעסיעס, מער

אין צאָל אָדער מער ראַפּינירט ווי אונדזער אייגענער, אויף אַ מוח מער סענסיטיוו ווי אונדזער אייגענער; אַ רעקאָרד, באַאָבאַכטן מיר, וואָס איז אויך אַן אינטערפּרעטאַציע, אַן איבערזעצונג, ווייל דאָס אַליין מוז אַרויפצווינגען אימפּרעסיעס אויף אונדז, און דידאַזיקע אימפּרעסיעס זענען פּונקט אַזויפיל געשאַפן ווי איבערגעליפערט דורך דער קריטיק. איך זאָג נישט גלייך, אַז דאָס איז אַרטור סימאָנס; אָבער דאָס איז דער „אימ־פּרעסיאָניסטישער" קריטיקער, און דער אימפּרעסיאָניסטישער קריטיקער איז אָנגענומען צו זיין אַרטור סימאָנס.

ביי דער האַנט ליגט אַ באַנד *) וואָס מיר קענען אונטערזוכן. צען פון די דרייצן עסייען באַהאַנדלען שעקספּירס איינצלנע פּיעסן, און ס'איז דער־פאַר בלויז רעכט צו נעמען איינע פון די צען פאַר אַ מוסטער פון דעם בוך:

„אַנטאָני און קלעאָפּאַטראַ" איז די וווּנדערלעכסטע, מיין איך, פון אַלע שעקספּירס פּיעסן...

און סימאָנס רעפלעקטירט, אַז קלעאָפּאַטרע איז די וווּנדערלעכסטע פון אַלע פרויען:

די קיניגין, וואָס פאַרענדיקט די פּטאָלאָמעישע דינאַסטיע, איז שטענדיק געווען דער שטערן ביי דיכטער, אַ בייזהאַפטער שטערן וואָרפנדיק אַ פאַרדאַרבלעכן שיין, פון האָראַצן און פּראָפּערטיוסן העט אַראָפּ ביז צו וויקטאָר הוגאָ; און נישט נאָר ביי דיכטער אַליין...

צוליב וואָס, פרעגן מיר, איז דאָס? ווי אַ בלעטל וועגן קלעאָפּאַטרען, און וועגן איר מעגלעכן אָריגינירן אין דער טונקעלער פרוי פון (שעקספּירס) סאָנעטן עפנט זיך פאַנאַנדער. און מיר געפינען אויס, בהדרגה, אַז דאָס איז נישט קיין עסיי איבער אַ קונסטווערק אָדער אַן אינטעלעקטועל ווערק; נאָר אַז סימאָנס לעבט דורך די פּיעסע ווי מען וואָלט זי דורכגעלעבט אין טעאַ־טער, איבערדערציילנדיק, קאָמענטירנדיק:

אין אירע לעצטע טעג באַרירט קלעאָפּאַטרע אַ געוויסע דערהיי־בונג... זי וואָלט גלייכער געשטאָרבן טויזנט מאָל, איידער לעבן כדי צו זיין צו שפּאָט און פאַראַכטונג אין מענטשלעכע מיילער...

זי איז אַ פרוי ביז צום סוף... אַזוינאָך שטאַרבט זי... די שפּיל פאַרענדיקט זיך מיט אַן אָנדייט פון טיפן מיטלייד...

*) *Studies in Elizabeth an Drama,* by Arthur Symons.

פאַרגעבראַכט אויף דעם גאַנץ אומגעהעריקן אופן, פאַנאַנדערגעריסן ווי די בלעטלעך פון אַן אַרטישאָקע, הייבן אָן סימאָנס אימפּרעסיעס ווערן פאַרענלעכט צו אַ גאַנגבאַרן מין פּאָפּולערער ליטעראַרישער לעקציע, אין וועלכער די מעשות פון פּיעסן אָדער ראָמאַנען ווערן איבערדערציילט, די מאָטיוון פון די כאַראַקטערס באַוויזן, און דאָס קונסטווערק ווערט אַזוינאָך פאַרלייכטערט פאַרן אָנפאַנגער. אָבער דאָס איז נישט סימאָנס שרייבערי־שער אויסרייד. די סיבה פאַרוואָס מיר געפינען אַן ענלעכקייט צווישן זיין עסיי און דער פאָרם בילדונג איז וואָס „אַנטאָני און קלעאָפּאַטראַ" איז אַ פּיעסע מיט וועלכער מיר זענען גאַנץ גוט באַקאַנט, און פון וועלכער מיר האָבן, אַזוינאָך, אונדזערע אייגענע איינדרוקן. מיר קענען זיך צופרידנשטעלן מיט אונדזערע אייגענע אימפּרעסיעס פון די כאַראַקטערס און זייערע עמאָ־ציעס; און מיר געפינען נישט די איינדרוקן פון אַן אַנדער פערזאָן, ווי געפּילפּול, פאַר זייער באַטייטנדיק. אָבער אויב מיר קענען זיך דערינערן אין דער צייט ווען מיר האָבן גאָרנישט געוווּסט וועגן די פראַנצויזישע סימ־באָליסטן, און אָנגעשטויסן זיך אויף (סימאָנס ווערק) „די סימבאָליסטישע באַוועגונג אין ליטעראַטור", געדענקען מיר דאָס בוך ווי אַן איינלייטונג צו גאַנץ נייע געפילן, ווי אַן אַנטפּלעקונג. נאָכדעם ווי מיר האָבן געלייענט ווערלען, לאַפאָרג און רענבאָ און וועגדן זיך אויפסניי צו סימאָנס' בוך, קענען מיר אויסגעפינען, אַז אונדזערע אייגענע אימפּרעסיעס צעגייען זיך מיט זיינע. דאָס בוך האָט אפשר נישט קיין פּערמאַנענטן ווערט פאַר דעם איינעם לעזער, אָבער עס האָט געפירט צו רעזולטאַטן פון פּערמאַנענטער וויכטי־קייט פאַר אים.

די פראַגע איז נישט צי זענען סימאָנס' אימפּרעסיעס „ריכטיקע" אָדער „פאַלשע". אויף אַזויפיל ווי מען קען איזאָלירן די „אימפּרעסיע", דאָס ריינע געפיל, איז עס, פאַרשטייט זיך, נישט ריכטיק און נישט פאַלש. דער הויפּט־פּונקט איז וואָס מען בלייבט נישט שטיין ביים ריינעם געפיל; מען רעאַגירט אויף איינעם פון די צוויי אופנים, אָדער, ווי איך גלויב סימאָנס טוט, אויף אַ געמיש פון די צוויי אופנים. אין דעם מאָמענט ווען מען פּרוּווט אויסדריקן אימפּרעסיעס אין ווערטער, הייבט מען אָן אָדער אַנאַליזירן און קאָנסטרויִרן, אָדער מען הייבט אָן שאַפן עפּעס אַנדערש. עס איז באַמערקנסווערט אַז סווינבורן, פון וועמעס פּאָעזיע סימאָנס זאָל אַמאָל האָבן באַאיינפלוסט געוואָרן, איז אייך פערזאָן אין זיין פּאָעזיע און אַ גאַנץ אַנדערע פערזאָן אין

זיין קריטיק; אויף אַזויפיל און אין דעם באַצוג בלויז, וואָס ער באַפרידיקט אַן אַנדער אימפּולס; ער קריטיקירט, דערקלערט, אַראַנזשירט. מען קען באַהויפּטן, אַז דאָס איז נישט די קריטיק פון אַ קריטיקער, אַז עס איז עמאָציאָנעל, נישט אינטעלעקטועל — כאָטש וועגן דעם זענען פאַראַן צוויי מיינונגען, אָבער עס איז אין דער ווענדונג פון אַנאַליז און קאָנסטרוקציע, אַן אָנהייב פון Eriger en lois און נישט אין דער ווענדונג פון באַשאַף. אַזוי דרינג איך, אַז סווינבורן האָט געפונען אַן אַדעקוואַטן אויספלוס פאַר דעם שעפערישן אימפּולס אין זיין דיכטונג; און קיין סימן דערפון צווינגט זיך נישט צוריק, אָדער אַרויס דורך זיין קריטישער פּראָזע. דעם לעצטנס סטיל איז דער עיקר אַ פּראָזע־סטיל; און סימאָנס׳ פּראָזע איז אַ סך מער אייפן אַרט פון סווינבורנס פּאָעזיע איידער אויפן אַרט פון זיין פּראָזע. איך מאָל מיר — כאָטש דאָ באַוועגט זיך דער געדאַנק אין כמעט פולשטענדיקער פינצטערניש — אַז סימאָנס איז אַ סך מער באַאומרויִקט, אַ סך דורכדרינגלעכער באַווירקט פון זיין לייענען ווי ס׳איז געווען סווינבורן, וואָס האָט גיכער רעאַגירט דורך אַ האַסטיקן און באַלדיקן און אומפּאַסנדיקן אויסברוך פון באַוווּנדערונג וואָס האָט אים געקענט לאָזן אינערלעך אומפאַרענדערט. די באַאומרויִקונג אין סימאָנסן איז כמעט, אָבער נישט דורך, ביז צום שאַפונגספּונקט; דאָס לייענען באַפרוכפּערט אַמאָל זיינע עמאָציעס צו פּראָדוצירן עפּעס נייס וואָס איז נישט קריטיק, אָבער איז נישט די אויסטרייבונג, דער אויסזאָג, דאָס געבורט פון שאַפערישקייט.

דער טיפּ איז נישט קיין זעלטענער, כאָטש סימאָנס איבערשטייגט אומגעהייער די מערסטע פון דעם טיפּ. טייל שרייבער זענען דער עיקר פון דעם טיפּ, וואָס רעאַגירט איבער דעם סטימולס מאָס, מאַכנדיק עפּעס נייס פון די אימפּרעסיעס, ליידן אָבער פון אַ פעלער אין לעבנסקראַפט אָדער אַ פאַרבאָרגענע העמונג וואָס שטערט דער נאַטור דעם נאָרמאַלן גאַנג. זייער עמפינדלעכקייט טוישט דעם אָביעקט, אָבער טראַנספאָרמירט אים קיינמאָל נישט. זייער רעאַקציע איז פון אַן אַלגעמיינער עמאָציאָנעלער פערזאָן, אַנטוויקלט ביז צו אַן אויסנאַמלעכער שטופע. פאַר דער אַלגעמיינער עמאָציאָנעלער פערזאָן פאַרמאָגט דאָס דערפאַרן פון אַ קונסטווערק אַ געמישטע קריטישע און קרעאַטיווע רעאַקציע. זי באַשטייט פון פירוש און מיינונג, און אויך נייע עמאָציעס, וואָס זענען נעפּלהאַפט אָנגעווענדט אויף זיין אייגן לעבן. די סענטימענטאַלע פערזאָן אין וועמען אַ קונסטווערק דערוועקט אַלער־

ליי סאָרטן עמאָציעס וואָס האָבן לחלוטין נישט צו טון מיט דעם קונסט־ווערק, אָבער זענען צופאַלן פון פערזענלעכע אַסאָציאַציעס, איז אַן אומ־פולשטענדיקער קינסטלער. ווייל אין אַ קינסטלער ווערן די פון אַ קונסט־ווערק פּראַוואָקאַטע סוגעסטיעס, וואָס זענען ריין פערזענלעך, צונויפגע־שמאָלצן מיט אַ מענגע אַנדערע סוגעסטיעס פון פּילאַרטיקער דערפאַרונג, און דער פועל־יוצא איז דאָס באַשאַפן אַ נייעם אָביעקט וואָס איז נישט מער ריין־פערזענלעך, וואָרעם ער איז פאַר זיך אַליין אַ קונסטווערק.

עס וואָלט געווען איבעריאיילט צו שפּעקולירן, און אפשר אוממעגלעך צו באַשטימען, וואָס אַזוינס איז אומדערפילט אין סימאָנס׳ פיינע פערזן וואָס פּליסט אַריבער אין זיין קריטישער פּאָעזיע. זיכער קאָנען מיר טענהן, אַז סווינבורנס פערזן איז די קרייז־באַוועגונג פון איינדרוק און אויסדרוק פולשטענדיק; און סווינבורן איז דערפאַר געווען פעיק, אין זיין קריטיק, צו זיין מער קריטיקער ווי סימאָנס. דאָס גיט אונדז אַן אָנדייט פאַרוואָס דער קינסטלער זאָל — איטלעכער אין זיינע אייגענע באַגרענעצונגען — אָפטער גילטן פאַר אַ קריטיקער; זיין קריטיק וועט זיין קריטיק, און נישט די באַפרידיקונג פון אַן אונטערדריקטן שאַפערישן ווונטש — אַ זאַך וואָס, אין מערסטע אַנדערע פערזאָנען, איז פעיק צו ווערן אַ פאַטאַלע שטערונג.

איידער מיר באַטראַכטן וואָס די אייגנטלעכע קריטישע רעאַקציע פון קינסטלערישער עמפּינדלעכקייט איז, ווי ווייט קריטיק איז „געפיל" און ווי ווייט „געדאַנק", און וואָס פאַראַ אַרט „געדאַנק" איז דערלאָזבאַר, קאָן זיין באַלערנדיק אַ נישטער צו טאָן עטוואָס אין דעם אַנדערן טעמפּעראַ־מענט, אַזוי פאַרשיידן פון סימאָנס׳, וואָס איז פועל־יוצא מיט אַזעלכע גע־נעראַליזאַציעס ווי די ציטירטע אין אָנהייב פון דעם אַרטיקל.

## 2

"L'écrivain de style abstrait est presque toujours un sentimental, du moins un sensitif. L'écrivain artiste n'est presque jamais un sentimental, et très rarement un sensitif."
(Le Problème de Style)

דער שרייבער פון אַבסטראַקטן סטיל איז כמעט שטענדיק אַ סענטימענטאַליסט, ווינציקסטן אַ סענסיטיוויסט. דער קינסטלערישער שרייבער איז כמעט ווי קיינמאָל נישט קיין סענטימענטאַליסט און גאָר זעלטן אַ סענסיטיוויסט.

דער שוין ציטירטער זאָגט, אַז „פּאָעזיע איז די העכסט אָרגאַניזירטע פאָרעם פון אינטעלעקטועלער טעטיקייט", קאָן גענומען ווערן פאַר אַ מוסטער פון דעם אַבסטראַקטן סטיל אין קריטיק. די צעפּלאָנטערטע אַנטשיידונג וואָס עקסיסטירט אין מערסטע מוחות צווישן „אַבסטראַקט" און „קאָנקרעט" איז נישט אַזויפיל צוליב דעם מאַניפעסטירטן פאַקט פון די צוויי אויפפאַסונגס־טיפּן, אַן אַבסטראַקטן און אַ קאָנקרעטן, ווי צוליב דער עקסיסטענץ פון אַן אַנדער אויפפאַסונגס־טיפּ, דעם ווערטלעכן, אָדער פילאָסאָפישן. איך, פאַרשטייט זיך, בין נישט מכוון אַן אַלגעמיינע פאַרדאַמונג פון פילאָסאָפיע; איך באַנוץ אין דעם פאַל דאָס וואָרט „פילאָסאָפישן" צו דעקן די אומוויסנשאַפטלעכע באַשטאַנדטיילן פון פילאָסאָפיע; צו דעקן, באמת, דעם גרעסטן טייל פון דער פילאָסאָפישער פּראָדוקציע פאַר די לעצטע הונדערט יאָר. צוויי וועגן זענען פאַראַן אין וועלכע אַ וואָרט קאָן זיין „אַבסטראַקט". עס קאָן האָבן (דאָס וואָרט „טעטיקייט" אַ שטייגער) אַ מיין וואָס איז נישט צום תופס זיין מיט קיין פאַרוף אויף די חושים; זיין אויפפאַסונג קאָן פאָדערן אַ בכיוונדיקע אונטערדריקונג פון אַנאַלאָגיעס פון וויזועלער אָדער מוסקוליעזער דערפאַרונג, וואָס איז דאָך אַ באַמיִונג פון פאָרשטעלונגס־קראַפט. „טעטיקייט" וועט באַטייטן פאַר דעם געאיבטן וויסנשאַפטסמאַן, אויב ער באַנוצט דעם טערמין, אָדער גאָרנישט, אָדער עפּעס נאָך פּינקטלעכער ווי וואָס עס סוגעסטירט אונדז. אויב אונדז איז דערלויבט אָנצונעמען פּאַסקאַלס אָדער בערטראַנד ראָסעלס געוויסע באַמערקונגען וועגן מאַטעמאַטיק, גלויבן מיר, אַז דער מאַטעמאַטיקער האָט צו טאָן מיט אָביעקטן — אויב ער זאָל אונדז דערלויבן זיי אָנצורופן אָביעקטן — וואָס אַפעקטירן דירעקט זיין עמפינדלעכקייט. און אין משך

אַ גוטן טייל פון געשיכטע האָט דער פילאָסאָף זיך באַמיט צו באַהאַנדלען אָביעקטן וואָס, ווי ער האָט געגלויבט, זענען פון דער זעלבער פּינקטלעכ־קייט ווי דעם מאַטעמאַטיקערס. ענדלעך איז העגעל אָנגעקומען, און אויב אפשר נישט דער ערשטער, איז ער זיכער דער אומגעהייערסטער עקספּאָ־נענט פון עמאָציאָנעלער סיסטעמאַטיזירונג, באַהאַנדלענדיק זיינע עמאָ־ציעס ווי זיי וואָלטן געווען באַשטימטע אָביעקטן וואָס האָבן דערוועקט יענע עמאָציעס. זיינע נאָכפאָלגער האָבן אַלס רעגל אָנגענומען פאַר זעלבסט־פאַרשטענדלעך, אַז ווערטער האָבן באַשטימטע מיינען, פאַרזעענדיק די טענדענץ פון ווערטער צו ווערן אומבאַשטימטע עמאָציעס. (ווער ס׳האָט נישט בייגעלעבט דאָס געשעעניש קאָן זיך נישט פאָרשטעלן די איבער־צייגונג אין דעם טאָן פון פּראָפעסאָר אויקען ווי ער האָט געקלאַפּט אין טיש און אויסגעשריִען „וואָס איזט גייסט? גייסט איזט...) אויב „ווערבאַ־ליזם” וואָלט געווען בלויז דער מאָדוס פון פּראָפעסיאָנעלע פילאָסאָפן, וואָלט קיין בייז נישט געווען. אָבער זייער קאָרופּציע איז צו ווייט פאַר־שפּרייט. פאַרגלייכנדיק אַ מיטלאַלטערלעכן טעאָלאָג אָדער מיסטיקער, פאַרגלייכנדיק אַ פּריידיקער פון 17טן י״ה, מיט וואָס פאַראַ „ליבעראַלער” דרשה זינט שלייערמאַכער, קאָן מען באַמערקן אַז ווערטער האָבן געביטן זייערע מיינען. וואָס זיי האָבן פאַרלוירן איז פעסטגעזעצט, וואָס זיי האָבן געוווּנען איז אומבאַשטימט.

די אומגעהייערע אָנזאַמלונגען פון קענטעניש — אָדער אַמווינציקסטן פון ידיעות — וואָס דאָס 19טע יאָרהונדערט האָט אַריינגעבראַכט, זענען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר פּונקט אַזאַ אומגעהייערער עם־הארצות. ווען ס׳איז פאַראַן אַזויפיל צו וויסן, ווען ס׳זענען דאָ אַזויפיל געביטן פון קענטעניש, אין וועלכע די זעלבע ווערטער ווערן אָנגעווענדט מיט פאַרשיידענע באַ־דייטונגען, ווען איטלעכער ווייסט עפּעס וועגן אַ היפּש ביסל קעגנשטאַנדן, ווערט וואָס אַמאָל שווערער פאַר איטלעכן צו וויסן צי ווייסט ער מכוח וואָס ער רעדט צי נישט; און ווען מיר וויסן נישט גענוג, זענען מיר שטענ־דיק געניגט צו סובסטיטויִרן עמאָציעס אָנשטאָט געדאַנקען. דער אַזוי אָפט ציטירטער זאַץ אין דער עסיי וועט פּונקט אַזוי דינען פאַר אַ באַווייז פון דעם פּראָצעס וויפל אַן אַנדערער, און קאָן ניצלעך קאָנטראַסטירט ווערן מיט די דערעפענונגס־פּראַזעס פון דעם „פּאָסטעריאָר אַנאַליטיק”. נישט נאָר ס׳גאַנצע וויסן, נאָר אַלץ וואָס איז געפיל, איז אין דער באַגרייפלעכ־

קייט. דער דערפינדער פון פּאָעזיע ווי די העכסטע אָרגאַניזירטע פאָרעם פון אינטעלעקטועלער טעטיקייט, האָט זיך נישט באַשעפטיקט מיט באַ־גרייפן, ווען ער האָט געמאַכט זיין דעפיניציע; ער האָט גאָרנישט באַדאַרפט נעמען אין אַכט אויסער זיין עמאָציע וועגן „פּאָעזיע". ער איז, פּאַרוואָר, געווען פאַרטיפט אין אַ „טעטיקייט" נישט נאָר גאַנץ פאַרשיידן פון סי־מאָנס', נאָר אויך פון אַריסטאָטלס.

אַריסטאָטל איז דעריעניקער, וואָס האָט געליטן פון דער אָנהענגער־שאַפט פון פערזאָנען, וואָס מוזן ווינציקער באַטראַכט ווערן פאַר זיינע תלמידים, ווי פאַר זיינע סעקטאַנטן. מען מוז זיין פעסט אומצוטרויִלעך אָנצונעמען אַריסטאָטלען אין אַ קאַנאָנישן גייסט; דאָס וואָלט הייסן פאַר־לירן די גאַנצע לעבעדיקע קראַפט זיינע. ער איז דער עיקר געווען א מענטש פון נישט נאָר אַ מערקווירדיקן, נאָר אויך פון אַן אוניווערסאַלן פאַרשטאַנד; און אוניווערסאַלער פאַרשטאַנד מיינט, אַז ער האָט געקאָנט אָנווענדן זיין פאַרשטאַנד אויף וואָס־נישט־איז. דער אַלגעמיינער פאַרשטאַנד איז גוט בלויז פאַר געוויסע אָביעקט־באַשטאַנדן; אַ ברילִיאַנטער וויסנ־שאַפטסמאַן, אויב ער איז כלל פאַראינטערעסירט אין פּאָעזיע, קאָן פאַסן גראָטעסקע אורטיילן; ווי איין דיכטער דערפאַר, וואָס ער איז ענלעך צו אים זעלבסט, אָדער אַן אַנדערער, ווייל ער דריקט אויס עמאָציע, פון וועלכער ער האלט; ער קאָן באַנוצן קונסט, באמת, ווי אַן אויסגאַנג פון דעם עגאָטיזם, וואָס איז אונטערדריקט אין זיין אייגענער פאַכמאַנשאַפט. אָבער אַריסטאָטל האָט נישט געהאַט קיינע פון די אומריינע באַגערן צו באַפרי־דיקן; אין וואָס פאַראַ ספערע פון אינטערעסן ס'זאָל נישט זיין, האָט ער אויסשליסלעך און אַנטשלאָסן אין אַכט גענומען דעם אָביעקט; אין זיין קורצער און צעבראָכענער אָפּהאַנדלונג, שאַפט ער אַן אייביקן מוסטער — נישט פון געזעצן, אָדער אַפילו פון מעטאָד, ווייל ס'איז נישטאָ קיין מע־טאָד אויסער צו זיין ביז גאָר פאַרשטאַנדיק, נאָר פון פאַרשטאַנד אַליין פלינק אָפּערירנדיק דעם אַנאַליזם פון סענסאַציע ביז צום פונקט פון פּרינ־ציפּ און דעפיניציע.

עס איז פיל ווינציקער אַריסטאָטל ווי האָראַץ, וואָס איז געווען דער מוסטער פאַר קריטיק ביז דעם ניינצנטן יאָרהונדערט. אַזאַ פאָרשריפט, ווי האָראַץ אָדער בואַלאָ גיט אונדז, איז בלויז אַן אַומפאַרענדיקטער אַנאַליז, ער דערשיינט ווי אַ געזעץ, אַ רעגל, ווייל ער דערשיינט נישט אין זיין

אַלגעמיינסטער פאָרעם; ער איז עמפּיריש. ווען מיר פאַרשטייען נויטווענדי־קייט, ווי שפּינאָזאַ האָט געוווּסט, זענען מיר פריי, ווייל מיר זענען מסכים. דער דאָגמאַטישער קריטיקער, וואָס שאַפט אַ רעגל, וואָס באַשטעטיקט אַ ווערט, לאָזט זיין אַרבעט אומפאַרגאַנצט. אַזעלכע באַהויפּטונגען קאָנען אָפט רעכטפאַרטיקט ווערן ווי אַ צייט־שפּאָר; אָבער אין ענינים פון גרויסער וויכ־טיקייט מוז דער קריטיקער נישט באַצווינגען, און ער מוז נישט אַרויס־טראָגן קיין אורטיילן פון ערגער אָדער בעסער. ער מוז פּשוט באַלייכטן; דער לייענער וועט אַליין געשטאַלטן אַ פּינקטלעכן אורטייל.

און איבעראַמאָל, דער ריין „טעכנישער" קריטיקער — דער קריטי־קער, דאָס הייסט, וואָס שרייבט כדי באַקאַנט צו מאַכן עפּעס אַ נייקייט, אָדער מיטצוטיילן די פּראַקטיצירער פון אַ קונסט עפּעס אַ לערע — קאָן אַנגערופן ווערן אַ קריטיקער בלויז אין שמאָלן זין. ער מעג זיך אַנאַליזירן פּערצעפּציעס און די מיטלען צו פאַראורזאַכן פּערצעפּציעס, אָבער זיין צוועק איז באַשרענקט, און איז נישט די אומפּאַרטייאישע איבונג פון פאַר־שטאַנד. די באַגרענעצטקייט פון דעם צוועק פאַרלייכטערט דאָס אויסגעפי־נען די מעלה אָדער שוואַכקייט פון ווערק; אַפילו פון דעם מין שרייבער זענען ווינציק וואָס פאַראַן — אַזוי, אַז זייער „קריטיק" איז פון גרויסער וויכטיקייט אין אירע באַשרענקונגען. אַזויפיל געניגט פאַר קאַמפּיאַנען. דראַידן איז אַ סך מער אומפּאַרטייאיש; ער אַנטפּלעקט אַ היפּשלעך פרייען פאַרשטאַנד; און דאָך, אַפילו דראַידן — אָדער וואָס פאַראַ ליטעראַרישער קריטיקער פון זיבעצנטן יאָרהונדערט, איז נישט אינגאַנצן אַ פרייער גייסט אין פאַרגלייך מיט אַזאַ גייסט, אַ שטייגער, ווי ראַבעלאַ. עס איז שטענדיק פאַראַן אַ טענדענץ גיכער אורצוטיילן איידער ווי אויספאָרשן, צו רעווידירן אָנגענומענע כללים, אַפילו צו צעשטערן, אַבי איבערצובויען פון דעם זעלבן מאַטעריאַל. און דער פרייער פאַרשטאַנד איז דאָס, וואָס איז אינגאַנצן געווידמעט דעם אונטערזוך.

קאָלרידזש, ווידער, וועמעס נאַטירלעכע באַגאַבטקייטן, און טייל זיינע אויפטוען, זענען מסתם מערקווירדיקער ווי וואָס פאַראַ אַנדער מאָ־דערנעם קריטיקערס, קאָן נישט ווערן אָפּגעשאַצט ווי אַ פולשטענדיק פרייער פאַרשטאַנד. דער כאַראַקטער פון באַשרענקונג אין זיין פאַל, איז גאַנץ אַנדערש, ווי די באַגרענעצטקייטן פון די קריטיקער אין זיבעצנטן יאָרהונדערט, און איז אַ סך פּערזענלעכער. קאָלרידזשעס מעטאַפיזישער איב־

טערעס איז געווען אַ גאַנץ עכטער, און איז געווען, ווי די מערסטע מעטאַ־פיזישע אינטערעסן, אַ געלעגנהייט פון זיינע עמאָציעס. אָבער אַ ליטעראַ־רישער קריטיקער מוז נישט האָבן קיין עמאָציעס אויסער יענע, וואָס זע־נען דירעקט אַרויסגערופן פון אַ קונסט־ווערק — און די דאָזיקע (ווי איך האָבן שוין אָנגעדייט) זענען, ווען גילטיק, אפשר לחלוטין נישט אָנגערופן צו ווערן עמאָציעס. קאָלרידזש איז פעיִק צו לאָזן געמאַך די גרונטלאַגן פון קריטיק און דערוועקן אַ פאַרדאַכט, אַז ער איז פאַרפירט געוואָרן אין אַ מעטאַפיזישן האָזן־יאַגד שפיל. זיין ציל שיינט נישט שטענדיק צו זיין דער צוריקקער צום קונסטווערק מיט פאַרפולקומטער באַגרייפלעכקייט און פאַראינטענסיווירטן, ווייל מער באַוווסטזיניקן, גענוס; דער צענטער פון זיין אינטערעס טוישט זיך, זיינע געפילן זענען אומריינע. אין אַ געקריוודעטן זין איז ער מער „פילאָסאָפיש" איידער אַריסטאָטל. ווייל אַלץ וואָס אַריס־טאָטל זאָגט אילומינירט די ליטעראַטור, וואָס איז דער צופאַל פון זיין זאָגן עס; אָבער קאָלרידזש — בלויז צייטנווייז. עס איז נאָך אַ באַווייז פון דעם שעדלעכן עפעקט פון עמאָציע.

אַריסטאָטל האָט פאַרמאָגט, וואָס מען רופט, דעם וויסנשאַפטלעכן שכל — אַ שכל וואָס, אַזוי ווי ס'איז זעלטן צו געפינען צווישן וויסנשאפטס־לייט אויסער אין ראַגמענטן, וואָלט געקאָנט בעסער אָנגערופן ווערן, דער אינטעליגענטער *) שכל. ווייל עס איז נישטאָ קיין אַנדער אינטעליגענץ, ווי די דאָזיקע, און אויף וויפל קינסטלער און ליטעראַטן זענען אינטעלי־גענט (מיר מעגן צווייפלען צי די אינטעליגענץ־מדרגה צווישן ליטעראַטן איז אַזוי הויך, ווי צווישן וויסנשאַפטלייט), איז זייער אינטעליגענץ פון דעם מין. סען־בעוו איז געווען אַ פּסיכאָלאָג דורך איבונג; אָבער וואַרשיינ־לעך איז זיין שכל, ווי פון אַן אַלגעמיינעם וויסנשאַפטלעכן ספּעציאַליסט, געווען באַשרענקט אין זיינע אינטערעסן, און דאָס איז נישט געווען דער עיקר, אַן אינטערעס אין קונסט. אויב ער איז געווען אַ קריטיקער, איז קיין ספק נישט אַז ער איז געווען אַ גוטער קריטיקער, אָבער מיר מעגן באַ־שליסן, אַז ער האָט זיך פאַרדינט עפּעס אַן אַנדער נאָמען. פון אַלע מאָדערנע קריטיקער האָט אפשר רעמי דע גורמאָן פאַרמאָגט אַריסטאָטלס אַלגעמיינע

*) „אינטעליגענט" און „אינטעליגענץ" ווערן באַנוצט אין דער עסיי אין אורשפּרינגלעכן זין פון לאַטייניש „אינטעלעקטואַליס". — איבערז.

אינטעליגענץ. אַן אַמאַטאָר, כאָטש אַן אויסערגעווײנלעך געשיקטער אַמאַ־טאָר, אין פּיזיאָלאָגיע, האָט ער פאַראייניקט ביז צו אַ מערקווירדיקן גראַד סענסיטיווקייט, ערודיציע, חוש פון פאַקט און חוש פון געשיכטע, און גע־נעראַליזירנדיקע קראַפט.

מיר נעמען אַן פאר גוט דעם געשאנק פון העכערער באַגרייפלעכקייט. און פאַר באַגרייפלעכקייט מיינט, אַ ברייטע און טיפזיניקע באַלעזונג נישט בלויז אַן אויסגעדיינטע פאַשע. עס איז נישט בלויז אַ פראַגע פון אַ פאַר־גרעסערטער פאַרשטענדעניש, לאָזנדיק די אורשפּרינגלעכע שאַרפע אימ־פּרעסיע אומפאַרענדערט. די נייע אימפּרעסיעס מאָדיפיצירן די געקראָגענע אימפּרעסיעס פון שוין באַקאַנטע אָביעקטן. אַן אימפּרעסיע נייטיקט זיך אין באַשטענדיקער אָפּפרישונג דורך נייע אימפּרעסיעס, כדי זי זאָל כלל אָנ־האַלטן; דאָס מוז פאַרנעמען איר פּלאַץ אין אַ סיסטעם אימפּרעסיעס. און די סיסטעם איז בטבע גענויגט צו ווערן אַרטיקולירט אין א גענעראַלי־זירטער באַהויפּטונג פון ליטעראַרישער שיינקייט.

עס זענען דאָ, אַ שטייגער, אַ סך צעוואָרפענע שורות און טערצינען אין דער „געטלעכער קאָמעדיע", וואָס זענען פעיִק צו ברענגען אַפילו אַ גאַנץ אומ־קולטורלן לייענער געגנוג באַקאַנט בלויז מיט די וואָרצלען פון דער שפּראַך, כדי צו אַנטציפערן דעם פשט, צו אַן אימפּרעסיע פון איבערגעוועלטיקנדי־קער שיינקייט. די אימפּרעסיע קאָן זיין אַזוי טיף, אַז קיין שפּעטערדיקע שטודיע און פאַרשטענדעניש וועלן זי נישט פאַראינטענסיווירן. אָבער ביי דעם פּונקט איז די אימפּרעסיע עמאָציאָנעל; דער לייענער, וועמענס אומ־באַהאַוונטקייט מיר פּאָסטולירן, איז אומפעיִק צו אַנטשיידן די פּאָעזיע פון אַן עמאָציאָנעלן צושטאַנד, פאַראורזאַכט אין אים אַליין דורך דער פּאָעזיע, אַ צושטאַנד וואָס קאָן זיין בלויז די נאָכגעבונג פון זיינע אייגענע עמאָציעס. די פּאָעזיע קאָן זיין אַ צופעליקער סטימול. די ענדלעכע שטופע פון פּאָעזיע־געניס איז אַ ריינע קאָנטעמפּלאַציע, פון וועלכער אַלע צופאַלן פון פּער־זענלעכן געפיל זענען אָפּגעטיילט; אַזוינאָך באַצוועקן מיר צו זען דעם אָביעקט ווי ער איז ווירקלעך און געפינען א באריט פאַר אַרנאָלדס ווער־טער. און אָן אַ באַמיזונג, וואָס איז גרעסטנטייל אַ באמיזונג פון אינטעלעק־טועלער קראַפט, זענען מיר אומפעיִק צו דערגרייכן יענע סטאַדיע פון וויזיע — Amor intelectualis Dei.

אַזעלכע באַטראַכטונגען פאַרקערפּערט אין דער אַלגעמיינער פאָרעם,

מעגן זיך אויסווייזן צו זיין אויסגעדראָשן; אָבער איך גלויב, אַז ס׳איז קיינ־מאָל נישט איבעריק צו ציִען די אויפמערקזאַמקייט אויף דעם טעמפּן אָבער־גלויבן, אַז אָפּשאַצונג איז איין זאַך, און „אינטעלעקטועלע" קריטיק איז עפּעס אַנדערש. אָפּשאַצונג אין פּאָפּולערער פּסיכאָלאָגיע איז איין פעיִקייט, און קריטיק אַן אַנדערע, אַ טרוקענע דורכגעטריבנקייט, בויענדיק טעאָרע־טישע געשטעלן אויף אייגענע אָדער פרעמדע פּערצעפּציעס. קאַפּויר, די וואָרע גענעראַליזאַציע איז נישט עפּעס וואָס איז אַרויפגעלייגט אויף אַן אָנזאַמ־לונג פון פּערצעפּציעס; די פּערצעפּציעס, אין אַ וואָר אָפּשאַצערישן גייסט, זאַמלען זיך נישט אָן ווי אַ מאַסע, נאָר פאָרמירן זיך ווי א סטרוקטור; און קריטיק איז די דערקלערונג אין שפּראַך פון דער סטרוקטור, זי איז אַן אַנטוויקלונג פון דער באַגרייפלעכקייט, די שלעכטע קריטיק, אָבער, איז דאָס וואָס איז גאָרנישט, אויסער אַן אויסדרוק פון עמאָציע. אַן עמאָציאָנעל פּאָלק — ווי אַ שטייגער, בערזן־מעקלער, פּאָליטיקער, וויסנשאפטלייט — און טייל, וואָס שטאָלצירן מיט זייער אומעמאָציאָנעלקייט — פאַרהאַסט אָדער אַפּלאָדירט אַזעלכע גרויסע שרייבער, ווי שפּינאָזאַ אָדער סטענדאל צוליב זייער „קאַלטקייט".

דער שרייבער פון דער איצטיקער עסיי האָט אַמאָל געמאַכט אַזאַ באַ־הויפּטונג: „דער פּאָעטישער קריטיקער קריטיקירט פּאָעזיע, כדי צו שאַפן פּאָעזיע". ער איז איצט נוטה צו גלייבן, אַז דער „היסטאָרישער" און „פילאָ־סאָפישער" קריטיקער זאָל גלייכער אָנגערופן ווערן היסטאָריקער און פילאָסאָף גאַנץ פּשוט. וואָס איז שייך צו די איבעריקע, זענען בלויז פאַראַן פאַרשיידענע גראַדן פון פאַרשטאַנד. עס איז נאַריש צו זאָגן, אַז קריטיק איז צוליב „שאַפונג", אָדער שאַפונג צוליב „קריטיק". עס איז אויך נאַריש די השערה, אַז ס׳זענען פאַראַן פּעריאָדן פון קריטיק און פּעריאָדן פון שאַפן, גלייך ווי מיטן אַריינשליידערן זיך אין אינטעלעקטועלן חושך וואָלטן מיר מער געקאָנט העלפן צו געפינען גייסטיק ליכט. די צוויי ווענדונגען פון דער באַגרייפלעכקייט דערגאַנצן זיך; און אַזוי ווי באַגרייפלעכקייט איז אַ זאַך, וואָס איז זעלטן, נישט פּאָפּולער און ווינטשנסווערט, איז צו דער־וואַרטן, אַז דער קריטיקער און שאַפערישער קינסטלער זאָלן אָפט זיין איין־און־ דיזעלבע פּערזאָן.

ט. ס. עליאָט

# טראַדיציע און דער אינדיווידועלער טאַלאַנט

## 1

אין ענגלישן שרייבן רעדן מיר זעלטן וועגן טראַדיציע, כאָטש צומאָל ווענדן מיר אָן דעם נאָמען, באַדויערנדיק איר אָפּוועזנהייט. מיר קאָנען זיך נישט פאַררופן אויף „דער טראַדיציע״ אָדער אויף „אַ טראַדיציע״; מערסטנס באַנוצן מיר דעם אַדיעקטיוו בעתן זאָגן, אַז דעמס־און־דעמס פּאָע־זיע איז „טראַדיציאָנעל״ אָדער אַפילו „צו טראַדיציאָנעל״. זעלטן, אפשר, דערשיינט דאָס וואָרט, אויסער אין אַ טאַדלענדיקער פראַזע. ווען אַנדערש, איז עס אומבאַשטימט הסכמהדיק, מיט דער אימפּליקאַציע, בנוגע דעם סאַנקציאָנירטן ווערק, פון עפּעס אַ צופרידנשטעלנדיקער אַרכעאָלאָגישער רעקאָנסטרוקציע. מען קאָן דאָס וואָרט קוים מאַכן אָנגענעם דעם ענגלישן אויער אָן דעם דאָזיקן באַקוועמען פאַררוף אויף דער דערמוטיקנדיקער וויסנשאַפט פון אַרכעאָלאָגיע.

זיכער איז נישט וואָרשיינלעך, דאָס וואָרט זאָל דערשיינען אין אונדזער אָפּשאַצונג פון לעבעדיקע אָדער פאַרשטאָרבענע שרייבער. יעדע נאַציע, יעדע ראַסע האָט נישט נאָר איר אייגענעם קרעאַטיוון, נאָר אויך איר אייגענעם קריטישן געדאַנקען־ווענד; און איז אַפילו לעטאַרגישער צו

די פעלערן און באַגרענעצונגען פון אייגענע קריטישע טבעס ווי צו די טבעס פון אייגענעם קרעאַטיוון געני. מיר ווייסן, אָדער מיינען אַז מיר ווייסן, פון דער אומגעהייערער מאַסע קריטישע שריפטן, וואָס איז דערשינען אין דער פראַנצויזישער שפּראַך, דעם קריטישן מעטאָד אָדער די קריטישע טבע פון די פראַנצויזן; מיר באַשליסן בלויז (מיר זענען אַזעלכע אומבאַ־וווּסטזיניקע מענטשן), אַז די פראַנצויזן זענען „קריטישער" פון אונדז, און אַמאָל שטאָלצירן מיר אפילו עטוואָס מיט דעם פאַקט, ווי די פראַנצויזן וואָלטן געווען ווינציקער ספּאָנטאַן. אפשר זענען זיי; אָבער מיר מעגן זיך דערמאָנען, אַז קריטיק איז אַזוי אומפאַרמיידלעך ווי אָטעמען, און אַז אונדז קאָן ערגער נישט ווערן מיטן אַרטיקולירן וואָס אונדז גייט פאַרביי אין גע־דאַנק, ווען מיר לייענען אַ בוך און פילן אַן עמאָציע וועגן דעם. איינער פון די פאקטן, וואָס קאָנען אויפלויכטן אין דעם פּראָצעס איז אונדזער טענדענץ צו זיין צודרינגלעך, ווען מיר לויבן אַ דיכטער, אין יענע פּונקטן פון זיין ווערק אין וועלכע ער איז צום ווייניקסטן ענלעך צו עמעצן אַנדערש. אין די באַציִונגען אָדער שטעלן פון זיין ווערק פּרעטענ־דירן מיר צו געפינען דאָס וואָס איז אינדיווידועל, וואָס איז דער טשיקאַווער עסענץ פונעם מענטש. מיר שטעלן זיך אָפּ נחת־רוחדיק אויף דעם דיכ־טערס אונטערשייד פון זיינע פאָרלויפער; מיר באַמיִען זיך צו געפינען עפּעס, וואָס קאָן איזאָלירט ווערן, כדי צו זיין גענוספּול. בעת אויב מיר דער־נענען אַ דיכטער, אָן זיין פאַראורטייל, וועלן מיר אָפּט אויסגעפינען, אַז נישט נאָר די בעסטע, נאָר די אינדיווידועלסטע טיילן פון זיין ווערק קאָנען זיין יענע, אין וועלכע די טויטע דיכטער, זיינע שטאַם־פאָטערס, דריקן אויס זייער אומשטערבלעכקייט צום ענערגישסטן. און איך מיין נישט דעם עמפּינדלעכן יוגנט־פּעריאָד, נאָר דעם פּעריאָד פון פולער רייפקייט.

דאָך, אויב די איינציקע פאָרעם פון טראַדיציע, פון איבערגעבן די צוקונפטיקע דורות, זאָל באַשטיין אין נאָכפאָלגן די וועגן פון דער אומ־מיטלבאַרער גענעראַציע פאַר אונדז אין אַ בלינדער און נעבעכדיקער אָנהענגערשאַפט פון אירע דערפאָלגן, וואָלט מען פּאָזיטיוו באַדאַרפט אַנט־מוטיקן „טראַדיציע". מיר האָבן געזען אַ סך אַזעלכע איינפאַכע שטראָמען באַלד פאַרלאָרן אין זאַמד; און נייער שטייגער איז בעסער ווי איבער־חזרונג. טראַדיציע איז אַן ענין פון אַ סך ברייטערן באַטייט. עס קען נישט געאַרבט ווערן, און אויב מען פאַרלאַנגט עס, מוז מען עס קריגן מיט

עבודת־פרך. עס פאָדערט, ערשטנס, דעם היסטאָרישן חוש, וואָס מיר מעגן זאָגן איז כמעט דורכויס נויטווענדיק יעדן איינעם, וואָס וויל אָנהאַלטן צו זיין אַ דיכטער אַריבער זיין פינף־און־צוואַנציק־יאָריקער עלטער; און דער היסטאָרישער חוש פאָדערט אַ פּערצעפּציע, נישט נאָר מכוח דער עברדיקייט פון דעם עבר, נאָר פון זיין איצטיקייט; דער היסטאָרישער חוש צווינגט אַ מענטשן צו שרייבן נישט בלויז מיט אַ געפיל, אַז דאָס גאַנצע פון דער אייראָפּעיִשער ליטעראַטור זינט האָמערן און אינערהאַלב דעם, די גאַנצע ליטעראַטור פון זיין אייגן לאַנד, פאַרמאָגט אַ סימולטאַנע עקסיסטענץ און שטעלט צונויף אַ סימולטאַנע אָרדענונג. דער היסטאָרישער חוש, וואָס איז אַ חוש פון דעם אומענדלעכן פּונקט ווי פון דעם צייטווייליקן, און פון דעם אומענדלעכן און צייטווייליקן צוזאַמען, איז דאָס וואָס מאַכט אַ שרייבער טראַדיציאָנעל. און עס איז אין דערזעלבער צייט דאָס וואָס מאַכט אַ שרייבער צום שאַרפסטן באַוווסטזיניק וועגן זיין אָרט אין צייט, וועגן זיין קעגנוואַרטיקייט.

קיין דיכטער, קיין קינסטלער פון וואָס פאַר אַ קונסט, האָט נישט זיין גאַנצן באַטייט אַליין. זיין באַטייט, זיין אָפּשאַצונג איז די אָפּשאַצונג פון זיין שייכות צו די פאַרשטאָרבענע דיכטער און קינסטלער. מען קען אים אַליין נישט מעסטן; מען מוז אים אַוועקשטעלן, צוליב קאָנטראַסט און פאַרגלייך, צווישן די טויטע. איך מיין דערמיט אַ פּרינציפּ פון עסטעטישער, נישט בלויז היסטאָרישער, קריטיק. די נויטווענדיקייט אַז ער זאָל זיין צוגעפּאַסט, אַז ער זאָל זיין אָנגעהאַפט, איז נישט איינזייטיק; וואָס עס פּאַסירט ווען אַ ניי קונסטווערק ווערט געשאַפן איז עפּעס וואָס פּאַסירט סימולטאַן מיט אַלע פאָרגעלאָפענע קונסטווערק. די עקסיסטירנדיקע מאָנומענטן פורעמען אַן אידעאַלן סדר צווישן זיך, וואָס ווערט מאָדיפיצירט מיט דעם אַריינברענגען אַ ניי (דאָסווירקלעך נייע) קונסטווערק צווישן זיי. די עקסיסטירנדיקע אָרדענונג איז פאַרגאַנצט איידער דאָס נייע ווערק קומט אָן; כדי דער סדר זאָל נישט געשטערט ווערן נאָך דעם אַריינמיש פון דעם נייעם ווערק, מוז דער גאַנצער עקסיסטירנדיקער סדר, אויב אפילו אויף אַ האָר, ווערן געענדערט; און אַזוינאָך ווערן די רעלאַציעס, פּראָפּאָרציעס, ווערטן פון יעדן קונסטווערק צו דעם גאַנצן אויפסניי איינגעאָרדנט; און דאָס איז די צוגעפּאַסטקייט צווישן דעם אַלטן און דעם נייעם. ווער נאָר עס זאָל האָבן גוט־געזאָגט אויף דעם געדאַנק פון אָרדע־

נונג, פון דעם שניט איראָפּעיִשע, ענגלישע ליטעראַטור, וועט נישט געפינען פאַר לעכערלעך, אַז די פאַרגאַנגענהייט זאָל געענדערט ווערן דורך דער קעגנוואַרט אַזויפיל ווי די קעגנוואַרט ווערט דורך דער פאַרגאַנגענ־הייט. און דער דיכטער וואָס איז אויפמערקזאַם דערויף וועט זיין אויפ־מערקזאַם וועגן די גרויסע שוועריקייטן און פאַראַנטוואָרטלעכקייטן.

אויף אַ זונדערבאַרן אופן וועט ער אויך האָבן דאָס באַוווסטזיין, אַז ער מוז, אומפאַרמיידלעך, ווערן אורגעטיילט לויט די סטאַנדאַרטן פון דער פאַרגאַנגענהייט. איך זאָג אורגעטיילט, נישט אַמפּוטירט, לויט זיי; נישט אורגעטיילט ווי אַזוי גוט, אָדער ערגער צי בעסער, ווי די טויטע; און זיכער נישט אורגעטיילט לויט דעם שולחן־ערוך פון טויטע קריטיקער. עס איז אַן אורטייל, אַ פאַרגלייך, אין וועלכן צוויי זאַכן ווערן געמאָסטן איינס לויטן אַנדערן. בלויז צופּאַסן זיך וואָלט פאַר דעם נייעם ווערק ווירק־לעך אינגאַנצן נישט הייסן זיין צוגעפּאַסט; עס וואָלט נישט געווען ניי און וואָלט אַזוינאָך נישט געווען קיין קונסטווערק. און מיר זאָגן נישט אָקערשט, אַז דאָס נייע איז ווערטפולער, ווייל עס פּאַסט זיך אַריין, אָבער דאָס אַריינ־פּאַסן איז אַ פּרווו פון זיין ווערט — אַ פּרווו, אמת, וואָס קען בלויז ווערן אָנגעווענדט לאַנגזאַם און פאָרזיכטיק, ווייל מיר זענען קיינס פון אונדז נישט קיין אומפעלבאַרע ריכטער מכוח צוגעפּאַסטקייט. מיר זאָגן: עס שיינט צו זיין צוגעפּאַסט, און איז אפשר אינדיווידועל, און מעג זיך צופּאַסן; אָבער מיר קענען קוים געפינען אַז עס איז איינס און נישט דאָס אַנדערע.

פאָרצוזעצן צו אַ מער קלאָרער עקספּאָזיציע מכח דער שייכות פון דעם דיכטער צו דער פאַרגאַנגענהייט: ער קען נישט אָננעמען דעם עבר פאַר אַ פּלומפּ, אַן אומדיסקרימינירט גרויסע פּיל, אויך קען ער זיך זעלבסט נישט אינגאַנצן געשטאַלטן לויט איינער אָדער צוויי פּריוואַטע פאַרערונגען, ווי אויך קען ער זיך אַליין נישט אינגאַנצן פורעמען לויט איין פאָרצוגלעכן פּעריאָד. דער ערשטער מיטל איז נישט דערלאָזבאַר, דער צווייטער איז אַ וויכטיקע יוגנט־דערפאַרונג, און דער דריטער איז אַן אָנגענעמער און הויכ־געווינטשטער ביילאַג. דער דיכטער מוז זיין זייער באַוווסטזיניק איבער דעם הויפּט־שטראָם, וואָס פליסט לחלוטין נישט כסדר דורך די באַרימטסטע רעפּו־טאַציעס. ער מוז טיכטיק אין זין האָבן דעם פשוטן פאַקט, אַז קונסט פאַר־בעסערט זיך קיינמאָל נישט, אָבער אַז דער קונסט־מאַטעריאַל איז קיינמאָל נישט דערזעלבער. ער מוז וויסן, אַז דער איראָפּיאישער „געדאַנק" — דער

„געדאַנק" פון זיין אייגן לאַנד — אַ געדאַנק וואָס ווי ער דערוויסט זיך מיט דער צייט איז אַ סך וויכטיקער ווי זיין אייגענער פּריוואַטער געדאַנק — איז אַ געדאַנק וואָס טוישט זיך, און אַז די טוישונג איז אַן אַנטוויקלונג וואָס לאָזט גאָרנישט פאַרלאָרן גיין „אויפן וועג" וואָס פאַרעלטערט נישט שעקספּירן, אָדער האָמערן, אָדער די פּעלזן־סקיצירונגען פון די מאַגדאַלענישע צייכע־נער. אַז די אַנטוויקלונג, ראַפינירונג אפשר, קאָמפּליקאַציע זיכער, איז נישט, פון קינסטלערס שטאַנדפּונקט, קיין פאַרבעסערונג. אפשר אפילו נישט קיין פאַרבעסערונג פון דעם פּסיכאָלאָגס בליק, אָדער נישט ביז צו אַזאַ גראַד ווי מיר מאָלן זיך; אפשר בלויז ענדלעך באַזירט אויף דער קאָמפּליקאַציע אין עקאָנאָמיק און מאַשינעריע. אָבער דער חילוק צווישן דעם הוה און עבר איז וואָס דער באַוווסטזיניקער הוה איז אַ באַוווסטזיין מכוח דעם עבר אויף אַ וועג און ביז צו אַזאַ גראַד, וואָס דעם עברס באַוווסטזיין מכוח זיך אַליין קען נישט ווייזן.

עמיצער האָט געזאָגט: „די טויטע שרייבער זענען צו ווייט פון אונדז, ווייל מיר ווייסן אַזויפיל מער ווי זיי האָבן וועגן געוווסט". גאַנץ באַשטימט, און זיי זענען דאָס, וואָס מיר ווייסן.

מיר ליגט גוט אין זין די קעגן־טענה צו דעם, וואָס איז דייטלעך אַ טייל פון מיין פּראָגראַם פאַר דעם „מעטיע" פון פּאָעזיע. די קעגן־טענה איז, אַז די דאָקטרין פאָדערט אַ לעכערלעכע מאָס ערודיציע (פּעדאַנטישקייט), אַ טענה וואָס קען צוריקגעוויזן ווערן מיט אַ פאַררוף אויף די לעבנס פון דיכטער אין יעדן פּאַנטעאָן. עס וועט אַפילו באַשטעטיקט ווערן, אַז צופיל לערנען טויט־אָפּ אָדער פאַרדאַרבט פּאָעטישע עמפּינדלעכקייט. בעת, אָבער, מיר באַשטייען דורכויס אין גלויבן, אַז אַ דיכטער דאַרף אַזויפיל אויף וויפל עס זאָל נישט באַלעסטיקן זיין נייטיקע אויפנעמבאַרקייט און נייטיקע פויל־קייט, איז נישט ווינטשנסווערט צו באַגרענעצן „וויסן" מיט דעם וואָס קען פאַרבאַרייטן ווערן אויף אַ נוצלעכן אופן פאַר עקזאַמענס, סאַלאָנען, אָדער נאָך פּרעטענציעזערע אַרטן רעקלאַם. טייל קענען פאַרדייען וויסן, די מער צוריקגעשטאַנענע מוזן שוויצן דערויף. שעקספּיר האָט געקראָגן מער עכטע געשיכטע פון פּלוטאַרכן ווי די מערהייט מענטשן וואָלטן געקענט פון דעם גאַנצן בריטישן מוזיי. אויף וואָס מען דאַרף באַשטיין איז, אַז דער דיכטער מוז זיך אַנטוויקלען אָדער קריגן דאָס באַוווסטזיין וועגן עבר און אַז ער זאָל פאָרזעצן אַנטוויקלען אָט־דאָס באַוווסטזיין במשך זיין גאַנצער קאַריערע.

וואָס עס פּאַסירט איז אַ כסדרדיקע איבערליפערונג פון אינדיווידס „איך" ווי ער איז אין דעם מאָמענט צו עפּעס וואָס איז ווערטפולער. דער פאָרשריט פון אַ קינסטלער איז אַ כסדרדיקער זעלבסטאָפּפער, אַ כסדרדיקע פאַרווישונג פון פערזענלעכקייט.

עס בלייבט צו דעפינירן דעם פּראָצעס פון דעפּערזאָנאַליזירונג און זיין שייכות צו דעם חוש פאַר טראַדיציע. אָט אין דער דעפּערזאָנאַליזירונג איז עס וואָס קונסט קען געזאָגט ווערן זיך צו דערנענען צו דער קאָנדי־ציע פון וויסנשאַפט. איך וועל אַזוינאָך פאָרשלאָגן צו באַטראַכטן, ווי אַ סוגעסטיווע אַנאַלאָגיע, דעם אַקט וואָס געשעט ווען אַ פּיצל פיין פאַרוואַנדט פּלאַטינום ווערט אַריינגעבראַכט אין אַ חדר אַנטהאַלטנדיק שוועבל און זויער־שטאָף.

## 2

אָרנטלעכע קריטיק און סענסיטיווע אָפּשאַצונג ווערט אָנגעווענדט נישט אויפן דיכטער נאָר אויף דער דיכטונג. אויב מיר זאָלן זיך צוהערן צו די צעמישטע קולות פון די צייטונגס־קריטיקער און דעם טומלענדיקן געוויש פון פּאָפּולערער איבערחזרונג וואָס פּאָלגט נאָך, וועלן מיר הערן די נעמען פון די דיכטער אין גרויסע צאָלן; אויב מיר זוכן נישט סטערעאָטיפּ־בוך וויסן נאָר די הנאה פון פּאָעזיע, און פרעגן זיך נאָך אויף אַ ליד, וועלן מיר עס זעלטן געפינען. פּרִיער האָב איך זיך באַמיט אָנצווייזן ווי וויכטיק עס איז די רעלאַציע פון דעם ליד צו אַנדערע לידער פון אַנדערע שרייבער, און סוגעסטירט די קאָנצעפּציע פון פּאָעזיע ווי אַ לעבעדיק גאַנץ פון אַל דער פּאָעזיע וואָס איז ווען געשריבן געוואָרן. דער צווייטער אַספּעקט פון דעם „אומפּערזענלעכער" טעאָריע פון פּאָעזיע איז די רעלאַציע פון ליד צו איר אויטאָר. און איך האָב מרמז געווען, לויט אַן אַנאַלאָגיע, אַז דער אינטעלעקט פון אַ רייפן דיכטער אונטערשיידט זיך פון אַ נישט־געצייטיקטן דיכטערס אינטעלעקט, נישט געננוי אין אַן אָפּשאַצונג פון „פּערזענלעכקייט", נישט זייענדיק בויטיקערווייז מער אינטערעסאַנט, אָדער האָבנדיק „מער צו זאָגן", נאָר גיכער צוליב זיין אַ פיינערער פאַרפּולקומטער מעדיום אין וועלכן ספּעציעלע, אָדער זייער פאַרשיידענע, געפילן קענען פריי אַריינטרעטן אין דער נייער קאָמבינאַציע.

די אַנאַלאָגיע איז דעם קאַטאַליזירערס. ווען די צוויי פּריִער־דערמאָנטע גאַזן ווערן פאַרמישט אין דער אָנוועזנהייט פון דעם פּלאַטיניום־פּיבער, פאָרמירן זיי אַ שוועבל־זויערקייט. די קאָמבינאַציע געשעט בלויז אין דער קעגנוואַרט פון דעם פּלאַטינום; פונדעסטוועגן אַנטהאַלט דער ניי פאָרמירטער זויער קיין סימן נישט פון פּלאַטינום, און דער פּלאַטינום זעלבסט איז אויגנשיינלעך נישט אַפעקטירט; איז פאַרבליבן אינערט, נייטראַל און אומפאַרענדערט. דער אינטעלעקט פון דעם דיכטער איז דאָס ברעקל פּלאַטינום. ער קען טיילווייז אָדער אויסשליסלעך אָפּערירן אויף דער דערפאַרונג פון דעם מענטש גופא; אָדער, וואָס פולקומער דער קינסטלער, אַלץ פולער אָפּגעזונדערט וועט אין אים זיין דער מענטש וואָס ליידט פון יסורים און דער אינטעלעקט וואָס שאַפט; אַלץ פולקומער וועט דער אינטעלעקט פאַרדייען און אומוואַנדלען די ליידנשאַפטן וואָס זענען זיין מאַטעריאַל.

די דערפאַרונג, קען מען באַאָבאַכטן, די עלעמענטן וואָס טרעטן אַריין אין דער קעגנוואַרט פון דעם טראַנספאָרמירנדיקן קאַטאַליסט, זענען פון צוויי אַרטן: עמאָציעס און געפילן. דער עפעקט פון אַ קונסטווערק אויף דער פּערזאָן וואָס האָט דערפון הנאה איז אין פּרט אַ דערפאַרונג פאַרשיידן פון וואָס פאַראַ דערפאַרונג נישט פון קונסט. ער קען זיך געשטאַלטן פון איין עמאָציע, אָדער קען זיין אַ קאָמבינאַציע פון עטלעכע; די פאַרשיידנאַרטיקע געפילן, וואָס זענען עצמדיק פאַר דעם שרייבער אין ספּעציעלע ווערטער, פראַזן אָדער אימאַזשן, קענען צוגעגעבן ווערן, כדי צונויפצושטעלן דעם ענדלעכן רעזולטאַט. אָדער גרויסע פּאָעזיע קען געמאַכט ווערן אָן דעם דירעקטן באַנוץ פון וואָס פאַראַ עמאָציע; צוזאַמענגעשטעלט פון געפילן בלויז. קאַנטאָ פופצן פון דער „אינפערנאָ“ (ברונעטאָ לאַטיני) איז אַן אַרויפאַרבעט פון דער עמאָציע, וואָס איז אויגנשיינלעך אין דער סיטואַציע; אָבער דער עפעקט, כאָטש אַן איינצלנער ווי דער פון וואָס פאַראַ אַנדער קונסטווערק, ווערט אַרויסגעקראָגן דורך אַ היפּשער קאָמפּליצירונג פון דעטאַלן. דער לעצטער פירפערז גיט אַן אימאַזש, אַ געפיל וואָס האָט צו טאָן מיט אַן אימאַזש, וואָס „איז געקומען“, וואָס האָט זיך נישט אַנטוויקלט פשוט פון דעם פאָרגעגאַנגענעם, אָבער וואָס איז מסתם „געהאַנגען“, אין דיכטערס מוח ביז די פּאַסיקע קאָמבינאַציע איז אָנגעקומען כדי עס זאָל זיך אָנהאַפטן. דעם דיכטערס אינטעלעקט איז פאַקטיש אַן אויפנעם־פּלאַץ פאַר אָנזאַמלען און אָפּלייגן אומציילִיקע געפילן, פראַזן, אימאַזשן, וואָס פאַרבלייבן דאָרט

ביז אַלע טיילן וואָס קענען זיך פאַראייניקן צו געשטאַלטן אַ נייע פאַרבינדונג זענען צוזאַמען אַנוועזנדיק.

ווען מען פאַרגלייכט עטלעכע רעפּרעזענטאַטיווע פּאַסוסן פון דער גרעסטער פּאָעזיע, זעט מען ווי אומגעהייער די פאַרשיידנקייט פון טיפן קאָמבינאַציעס, און אויך וואָס פאַראַ דורכפאַל עס איז יעדע האַלב־עטישע קריטעריע פון „סובלימקייט". ווייל עס איז נישט די „גרויסקייט", די אינ־טענסיטעט פון די עמאָציעס, די באַשטאַנדטיילן, נאָר די אינטענסיטעט פון דעם קינסטלערישן פּראָצעס, דער צודרינג, אַזוי צו זאָגן, אונטער וועלכן די פאַרשמעלצונג געשעט, איז דער עיקר. דער עפּיזאָד פון „פּאַאָלאָ און פראַנ־טשעסקאָ" באַניצט אַ באַשטימטע עמאָציע, אָבער די אינטענסיטעט פון דער פּאָעזיע איז גאָר עפּעס אַנדערש ווי פון וואָס פאַראַ אינטענסיטעט אין דער כלומרשטער דערפאַרונג עס גיט אונדז דעם איינדרוק. נאָכמער, עס איז נישט אינטענסיווער ווי קאַנטאָ 26, אוליסעס רייזע, וואָס האָט נישט די דירעקטע אָפּהענגיקייט פון אַן עמאָציע. אַ גרויסע פאַרשיידנאַרטיקייט איז מעגלעך אין דעם פּראָצעס פון אומוואַנדלען די עמאָציע: די דערמאָרדונג פון אַגאַמעמנאָן, אָדער אָטעלאָס אַגאָניע, גיט אַ קינסטלערישן עפעקט, שיינ־באַר נעענטער צו אַ מעגלעכן אָריגינאַל, ווי די סצענע פון דאַנטע. אין „אַגאַמעמנאָן" דערנענטט זיך די קינסטלערישע עמאָציע צו דער עמאָציע פון דעם צושויער ממש; אין „אָטעלאָ" — צו דער עמאָציע פון דעם פּראָטאַ־גאָניסט אַליין. אָבער דער חילוק צווישן קונסט און דער פּאַסירונג איז שטענדיק אַן אַבסאָלוטער; די קאָמבינאַציע וואָס איז די דערמאָרדונג פון אַגאַמעמנאָן איז מסתם אַזוי קאָמפּליצירט ווי די וואָס איז אוליסעס רייזע. אין איטלעכן פאַל האָט פּאַסירט אַ פאַרשמעלצונג פון עלעמענטן. קיטס' אָדע אַנטהאַלט אַ סכום געפילן וואָס האָט גאָרנישט ספּעציעל צו טאָן מיט דעם נאַכטיגאַל, אָבער וואָס דער נאַכטיגאַל, טיילווייז, אפשר, צוליב דעם צוציִענדיקן נאָמען, און טיילווייז צוליב דעם פויגלס רעפּוטאַציע, איז באַהילפיק געווען צוזאַמענצוברענגען.

דער שטאַנדפּונקט, וואָס איך שטרעבג זיך אָן צו אַטאַקירן האָט אפשר אַ שייכות צו דער מעטאַפיזישער טעאָריע פון דער סובסטאַנציעלער אייני־קייט פון דער נשמה: ווייל איך מיין אַז דער דיכטער האָט נישט אַ „פּערזענ־לעכקייט" אויסצודריקן, נאָר אַ געוויסן מעדיום, וואָס איז בלויז אַ מעדיום און נישט קיין פּערזענלעכקייט, אין וועמען איינדרוקן און דערפאַרונגען

קאָמבינירן זיך אויף אייגנטימלעכע און אומדערוואַרטע אופנים. איינדרוקן און דערפאַרונגען וואָס זענען דעם מענטשן וויכטיק מעגן אינגאַנצן נישט זיין פאַרטראָטן אין דער פּאָעזיע, און יענע וואָס ווערן וויכטיק אין דער פּאָעזיע מעגן שפּילן אַ גאַנץ אומבאַדייטנדיקע ראָל אין דעם מענטשן, דער פּערזענלעכקייט.

...עס איז נישט אין זיינע פּערזענלעכע עמאָציעס, די עמאָציעס פּראָוואָצירט פון ספּעציפישע געשעענישן אין זיין לעבן, וואָס דער דיכטער איז אויף עפּעס אַן אופן מערקווירדיק אָדער אינטערעסאַנט. די באַזונדערע עמאָציעס קענען זיך זיין איינפאַכע, אָדער רויע, אָדער פלאַכע. די עמאָציע אין זיין פּאָעזיע וועט זיין אַ זייער קאָמפּליצירטע זאַך, אָבער נישט מיט דער קאָמפּליצירטקייט פון די עמאָציעס פון מענטשן וואָס האָבן שטאַרק קאָמ־פּליצירטע אָדער אויסערגעוויינלעכע עמאָציעס אין לעבן. איין טעות אַזוינער, פּאַקטיש, פון פּאָעטישער עקצענטרישקייט איז צו זוכן, כדי אויסצודריקן, נייע מענטשלעכע עמאָציעס; און אין דער זוכעניש נאָך נייקייט נישט דאָרטן ווו מען דאַרף, ווערט אַנטדעקט דאָס פּערווערזע. דעם דיכטערס עסק איז נישט צו געפינען נייע עמאָציעס, נאָר צו באַנוצן די אַלגעמיינע און, אַרויפאַר־בעטנדיק זיי ביז צו פּאָעזיע, אויסצודריקן געפילן וואָס זענען לחלוטין נישט פאַראַן אין אַקטועלע עמאָציעס. און עמאָציעס וואָס ער האָט קיינמאָל נישט דערפאַרן, וועלן אים דינען פּונקט ווי יענע אומבאַקאַנטע. אַזוינאָך מוזן מיר גלויבן אַז „עמאָציע דערינערט אין געלאַסנקייט" איז אַן אומפּינקטלעכע פאָרמולע. ווייל עס איז נישט עמאָציע, און נישט דערינערונג, ווי אויך נישט, אָן צו פאַרדרייען דעם זין, געלאַסנקייט. עס איז אַ קאָנצענטרירונג, און אַ נייע זאַך — דער פּועל־יוצא פון דער קאָנצענטרירונג, פון אַ היפּש־גרויסער צאָל דערפאַרונגען וואָס וואָלט דער פּראַקטישער און אַקטיווער פּערזאָן לחלוטין נישט אויסגעוויזן צו זיין דערפאַרונגען; עס איז אַ קאָנצענטרירונג וואָס קומט נישט פאַר באַוווסטזיניק אָדער פון איבערלייגונג. די דאָזיקע דערפאַרונגען זענען נישט קיין „דערינערטע", און זיי פאַראייניקן זיך ענדלעך אין אַן אַטמאָספערע וואָס איז „געלאַסן" בלויז אויף אַזויפיל אויף וויפל עס איז אַ פּאַסיווע באַהאַנדלונג פון געשעעניש. פאַרשטייט זיך, דאָס שעפט נישט אויס דעם גאַנצן ענין. עס איז פאַראַן אַ היפּש ביסל אין שרייבן פּאָעזיע, וואָס מוז זיין באַוווסטזיניק און איבערלייגט. פּאַקטיש, דער שלעכטער דיכטער איז געוויינלעך אומבאַוווסטזיניק ווו ער דאַרף זיין באַ־

וואָסטזיניק, און באַוואָסטזיניק ווי ער דאַרף פאַרבלייבן אומבאַוואָסטזיניק, ביידע „טעותים" זענען להוט צו מאַכן אים „פּערזענלעך". פּאָעזיע הייסט נישט לאָזן די עמאָציעס פאַנאַנדערפּלייצן, נאָר זיך באַפרייען פון די עמאָציעס; עס איז נישט דער פּערזענלעכקייטס אויסדרוק, נאָר דאָס באַפרייען זיך פון פּערזענלעכקייט. אָבער נאַטירלעך, בלויז יענע וואָס האָבן פּערזענלעכקייט און עמאָציעס ווייסן וואָס עס מיינט צו וועלן זיך באַפרייען פון די זאַכן.

## 3

די עסיי פּרוּווט זיך אָפּשטעלן ביי דער גרענעץ פון מעטאַפיזיק אָדער מיסטיק, און זיך באַשרענקען מיט אַזעלכע פּראַקטישע אַנטשיידונגען ווי עס קען אָנגעווענדט ווערן פון דער פאַראַנטוואָרטלעכער פּערזאָן וואָס איז פאַראינטערעסירט אין פּאָעזיע. אָפּצוציִען דעם אינטערעס פון דעם פּאָעט און אָנווענדן אויף דער פּאָעזיע איז אַ לויבווערטער צוועק: וואָרעם עס וואָלט באַהילפיק געווען צו אַ מער־גערעכטער אָפּשאַצונג פון אַקטועלער פּאָעזיע, גוטער אָדער שלעכטער. אַ סך מענטשן זענען פאַראַן וואָס שאַצן אָפּ דעם אויסדרוק פון אויפריכטיקער עמאָציע אין פּערזן, און עס איז דאָ אַ קלענערע צאָל מענטשן וואָס שאַצט אָפּ טעכנישע איבערטרעפלעכקייט. אָבער זייער ווייניק ווייסן ווען עס איז פאַראַן אויסדרוק פון באַדייטנדיקער עמאָציע, עמאָציע וואָס לעבט זיך אויס אין ליד, און נישט אין דער געשיכטע פון דעם דיכטער. די עמאָציע פון קונסט איז אומפּערזענלעך. און דער דיכטער קען נישט דערגרייכן די אומפּערזענלעכקייט סיידן ער ליפערט זיך איבער אינגאַנצן צו דער אַרבעט וואָס ער דאַרף טאָן. און ס'איז נישט וואָרשיינלעך, ער זאָל וויסן וואָס צו טאָן, סיידן ער לעבט אין דעם וואָס איז נישט בלויז דער הווה, נאָר דער איצטיקער מאָמענט פון דעם עבר, סיידן ער איז באַוואָסטזיניק, נישט וועגן דעם וואָס איז טויט, נאָר וועגן דעם וואָס לעבט שוין.

לאָרד באַלפור

# אַרגומענטאַציע אין פּערזן

אויף דער טעמע האָט מיך אָנגעשטויסן דאָס לעזן אַנומלט אַ נאָכן־טויט־דערשינען ווערק פון אַ געלערנטן, צו שנעל פון אונדז אַן אַנטנומענעם, פּראָפעסאָר ווערראַל. ער האָט איבערגעלאָזן לעקציעס איבער דרײַדענען, וואָס פאַרדינען זייער שטודירט צו ווערן פון איטלעכן פאַראינטערעסירטן אין דער ענגלישער ליטעראַטור. איינע פון די לעקציעס איז וועגן דרײַדנס רעליגיעזער פּאָעזיע, און באַהאַנדלט זיין באַרימטן פּאָעטישן פּאַרטיי־פּאַמפלעט *).

אין יענער צייט זענען פּאָליטיק און רעליגיע געווען אומאויפפלאָנטערנדיק פאַרמישט; דזשיימז דער צווייטער איז געווען פּאַרטאָן אין קאַמף, אין וועלכן די וויכוחים איבער רוימישן קאַטאָליציזם און פּראָטעסטאַנטיזם האָבן פאַרנומען אַ וויכטיק און איבערוועלטיק פּלאַץ; און דרײַדן, נאָרוואָס אַריבער צום קאַטאָליציזם, איז אַריינגעשפּרונגען אין דער צאַנקעריי און אָנגעשריבן כלאחד־יד אַ ווערק, וואָס האָט אַרויסגערופן באַוווּנדערונג — נישט פון אַלגעמיינעם לעזער מיין איך, נאָר פון אַלע וואָס פאַרנעמען זיך מיט פּאָעזיע־שטודיום זינט דאַן. לאָרד מאַקאָלי רעדט וועגן דעם אין זיין „געשיכטע״ אין אַ לויבשפּראַך, וואָס דוכט מיר צו זיין איבערטריבן. אָבער וואָס אונטערשטייגט נישט פיל דעם אמת — איבערשטייגט נישט פיל דעם

*) *The Hind and the Panther*, by John Dryden.

אמת. ער זאָגט, אַז עס זענען פֿאַראַן אין דער פּאָעמע שטעלן אַ סך פּאַטע־טישערע און אויסגעצייכנטערע, אַ גרעסערע בויגזאַמקייט און לייכטקייט פֿון שפּראַך, אַ מער אָנגענעמע און פֿאַרשיידנאַרטיקערע מוזיק ווי אין וואָס פֿאַראַ אַנדער דראַידנס ווערק. איך בין מודה, אַז איך קען נישט דורכויס איינשטימען מיט דעם גרויסן היסטאָריקער און קריטיקער. יעדער איינצי־קער, פֿונדעסטוועגן, וואָס זאָל זיך נעמען די מי איבערצוקומען די פּרעלי־מינערע שטערונגען פֿון לייענען אַ בוך איבער טעאָלאָגישע וויכוחים פֿאַרקערפּערט אין אַ פֿאַבל פֿון אַמקוידערישסטער לעכערלעכקייט, וועט קומען צום באַשלוס, אַז טראָץ דעם אויסערגעוויינלעכן חסרון און טראָץ דעם פֿאַקט וואָס דראַידן, באַהאַנדלענדיק אַ טעאָלאָגישן קעגנשטאַנד, איז קוים פֿעיִק געווען רעליגיעז צו טראַקטירן רעליגיע — טראָץ דעם אַלעמען, וועט דער שטודירער, האָבנדיק געדולד דאָס אַלץ דורכצומאַכן, פֿילן, אַז ס׳זענען פֿאַראַן דאָרט אויסגעצייכנטע, וווּנדערלעכע שפּראַך־שטעלן פֿון אַרגומענטאַטיווער געשיקטקייט, פּראַגמענטן, אין וועלכע דאָס וואָס לאָרד מאַקאָלי רופֿט אָן שפּראַך־בויגזאַמקייט, ווערט אויסגענוצט צום העכסטן מעגלעכן גראַד, טראַקטירנדיק אַזוינע אומעלאַסטישע קעגנשטאַנדן ווי די אומפֿעלבאַרקייט פֿון דער קירך, פּויפּסטן און באַראַטונגס־קערפּערשאַפֿטן, פֿאַנאַנדערטיילונגען צווישן פּראָטעסטאַנטן, טראַנסובסטאַציע און אַנדערע ענינים, וואָס האָבן מער צו טאָן מיט געטלעכקייט און טעאָלאָגן, אָנווענדנדיק זיי אויף אַן אופֿן וואָס האָט געשיינט צו אַנטציקן זיינע פֿאַרערער פֿון יענער עפּאָכע אָן ביז היינט.

פֿאַרוואָס זשע האָט דזשאָן דראַידן אויסגעוויילט דעם פֿערז ווי אַ מיטל פֿון וואָס ס׳איז געווען, ווי פֿריִער געזאָגט, נישט מער ווי אַן אַרגומענט געווענדט צום פּובליקום אין אַ מאָמענט פֿון גרויסן פּאָליטישן קריזיס? לאָרד מאַקאָלי שטעלט זיך די פֿראַגע און גיט אַן אומריכטיקן ענטפֿער. דראַידן איז אַ מערקווירדיקער פּראָזע־שרייבער, אָבער לאָרד מאַקאָלי נעמט אָן אַז ס׳איז געווען דערפֿאַר, ווייל נישט האָבנדיק וואָס צו זאָגן, וואָלט אים קיין געאיבטקייט אין שרייבן נישט אימשטאַנד געמאַכט דאָס אויסצודריקן. קלאָר איז, אַז דראַידן האָט געהאַט גענוג צו זאָגן כדי אויסצופֿילן אַ צופֿעליקן פּאַרטיי־פּאַמפֿלעט. אָבער ער האָט גוט באַהערשט די פּונקטן, דאָן אין דעבאַטע, אויף אויסצונוצן זיין אומפֿאַרגלייכלעכע פּראָזע, כדי אַרויפֿצוצווינ־

גען די טענה צוגונסטן דעם צד צו וועלכן ער איז צוגעשטאַנען. פאַרוואָס־זשע, אויב אַזוי, האָט ער באַנוצט פּאָעזיע?

מיר מעגן זיך אפשר פרעגן, פאַרוואָס באַנוצט מען בכלל פּאָעזיע? ס'איז אַ פראַגע וואָס קלינגט העכסט לעכערלעך, אָבער עס איז נישט אַזוי לייכט צו ענטפערן ווי ס'דוכט זיך. קלאָר איז, צו באַנוצן פערזן איז אַ סך שווערער ווי צו באַנוצן פּראָזע. ס'לאָזט זיך באַהויפּטן, אַז פערזן, למשל, פאַרשאַפן געַנוס, אומאַנאַליזירנדיקן גענוס, אומדערקלערלעכן גענוס, וואָס מיר קריגן פון מעלאָדיע. קיינער האָט ווען נישט דערקלערט פאַרוואָס מעלאָדיע אין מוזיק פאַרשאַפט אונדז פאַרגעניגן. ניט פּסיכאָלאָגן און נישט פיזיאָלאָגן האָבן ווען עפּעס קלאָר געמאַכט. און עפּעס פון דעמזעלבן אומדערקלערלעכן גענוס איז אָן ספק פאַרבונדן מיט שיינע פערזן. דאַן אין צוגאָב דערצו, און מער ווי דאָס, איז שטענדיק אַ פאַרגעניגן צו זען האַמעטנעם שטאָף באַאַרבעט פון אַ מייסטערס האַנט. צו זען אַ שווער שטיקל אַרבעט פאָרטרעפלעך געמאַכט איז אַ גוואַלדיקע באַפרידיקונג, און די עלאַסטישקייט פון שפּראַך דערפירט צו דער העכסט־מעגלעכער שלימות, מוז גוואַלטיק צופרידנשטעלן איטלעכן, וואָס באַנעמט באמת איינעם פון די גענוסן, און נישט אַ מינדערוויכטיקן גענוס, וואָס ליטעראַטור איז אונדז פעיִק צו פאַרשאַפן. דערצו איז פאַראַן נאָך אַ סיבה.

פּאָעזיע דערלויבט, רעכטפאַרטיקט און דערמוטיקט אַפילו דעם אָנווענד פון אָרנאַמענט און דעקאָראַציע אין באַרייכערונג. עס וואָלט געווען אויסערן וועג, נישט פּאַסיק, לחלוטין איבעריק און, פאַרוואָר, שעדלעך אין פּראָזע. און אויב מען באַטראַכט די דיכטער, וואָס האָבן געפּרוּווט צו טאָן וואָס דראַידן האָט געפּרוּווט, ד"ה, צו פאַרקערפּערן אַרגומענטאַציע, ווי ווייט אַרגומענטאַציע קען ווערן פאַרקערפּערט, אין פּאָעזיע, קען מען אויסגעפינען, אַז זיי האָבן ווירקלעך שטענדיק באַרייכערט דאָס רעזאָנירן מיט פּאָעטישן מאַטעריאַל מער־ווייניקער וויכטיקן, אָבער שטענדיק אויסגעצייכנטן — אויב דער מייסטער איז פון גרויסן שניט.

עס איז גאַנץ אינטערעסאַנט צו פאַרגלייכן דעם אופן ווי אַרגומענטאַטיווע דיכטער האָבן באַהאַנדלט די פּראָבלעמען פון אָרנאַמענט און דעקאָראַציע. דראַידן, אין דער פאַררופענער פּאָעמע, נעמט זיך גאַנץ זעלטן די בכיוונדיקע געלעגנהייט אָנצושרייבן אַ פיינעם פּאַסוס. עס זענען פאַראַן זייער פיינע שטעלן, אָבער זיי דערשיינען, כמעט נאַטירלעכערווייז, אין פּראָצעס

פון דיכטערס נאָכדענקען; און כאָטש איך פּרעטענדיר נישט אויף קלאַסישער געלערזאַמקייט, פאַרשטיי איך אָבער פון יענע, וואָס זענען ראוי צו רעדן וועגן די ענינים, אַז אַ גרעסערער דיכטער ווי דראַידן, לוקרעציוס, האָט אויף דעמזעלבן אופן אַריינגעבראַכט זיינע גרויסע דעקאָראַטיווע עפעקטן, זיינע אויסגעצייכנטע שטעלן פון אילומינירטער פאַרשטעלונגס־קראַפט, ווי אַן אינטעגראַלן, לעבעדיקן טייל פון דער אַרגומענטאַציע, ווי עס וואָלט אויף אים אַרויפגעצוווּנגען געוואָרן מחמת זיין עצם רעזאָנירן און מחמת דעם כאַראַקטער פון דעם באַגייסטערטן מאַטעריאַליזם, וואָס ער האָט געפּרווּט צו פּריידיקן. אַלעקסאַנדער פּאָופּ, פון דער צווייטער זייט, דוכט מיר, אין זיין באַרימטער „עסיי" *) וואָס איז דער גרעסטער פּרווו (אין ענגליש) אין רעזאָנירנדיקער פּאָעזיע —פּאָופּ, מיין איך, שמוגלט אַריין זיינע גרויסע צאַצקעדיקע שטעלן מיט גוואַלד. דאָס איז, נאַטירלעך, אַן ענין פון פּערזענ־לעכן געשמאַק, און איך האָב נישט בדעה צופיל צו שטעלן דאַרויף. טייל אויסצוגן זענען ציטירט און איבערציטירט פון אַ סך, וואָס האָבן נישט דעם מינדסטן באַגריף פון וואַנען די דיכטונג קומט. אויב מען זאָל זיך צוקוקן, למשל, צו אַ גאַנץ געהויבענעם פּאַסוס, וואָס הייבט זיך אָן מיט דער שורה Lo the poor Indian whose untutored mind — איז ער גוואַלדיק אָפּגעניצעוועט. אָבער דאָס איז אַ מערקווירדיקער פּרווו אין רעטאָרישער פּאָעזיע — אויב מען זאָל באַטראַכטן דעם אופן פון דעם אַריינפיר קען מען זען, אַז פּאָופּ איז אַ סך מער פאַראינטערעסירט געווען אין דעם באַוווּנדע־רונגסווערטן בילד וואָס ער האָט געמאָלן, ווי אין דער אַרגומענטאַציע פון וועלכער עס איז אַ טייל, און וואָס עס האָט בדעה צו אילוסטרירן. איך זאָג נישט, אַז דאָס איז אַ קריטיק אויף פּאָופּן. איך מיין אָבער, אַז אויב דאָס איז אַ קריטיק אויף זיין „עסיי אָן מען", איז עס אַ קריטיק אויף זיינע אַלע פּערזן.

גראָד איז עס קיינמאָל נישט דאָס שנירל וואָס אינטערעסירט אונדז אין פּאָופּן. עס איז די פּערל וואָס זענען דערויף אויפגעסיליעט. אויב מען זאָל לייענען, למשל, די מאָראַלישע „עסיי" וואָס באַהאַנדלט דעם כאַראַקטער פון מענטשן, איז נישט מען ווייסט און נישט עס אַרט וואָס איז די טעאָריע וואָס פּאָופּ באַמיט זיך צו באַשטעטיקן. מען איז נישט פאַראינטערעסירט אין דער טעאָריע, אַז די טאַטן פון דער מענטשהייט דאַרף מען אויסטייטשן דורך

*) *Essay on Man,* by Alexander Pope.

דער „רעגירנדיקער לײדנשאַפֿט״. וואָס עס אינטערעסירט גראָד יאָ, איז דווקא אַזעלכע זאַכן ווי דער כאַראַקטער פֿון דעם דוכוס פֿון וואַהאַרטאַן און אַנדערע פּראַכטפֿולע און ווירקלעך אומפֿאַרגלײַכלעכע שטעלן פֿון דער גרויסער רעטאָרישער פּאָעמע. פּונקט אַזוי, לײענענדיק די אַנדערע מאָראַלישע עסײַ וועגן דעם כאַראַקטער פֿון די פֿרויען, איז נישט מינדסטנס אינטערעסאַנט צו וויסן, אַז לויט פּאָופּס מיינונג „זענען די מערסטע פֿרויען לחלוטין כאַראַקטערלאָז״. עס איז אפֿילו נישט אינטערעסאַנט גענוג צו וויסן, צי איז עס לויטער אומזין אָדער נישט, פֿאַוואָר, וואָס עס אינטערעסירט, איז דער כאַראַקטער, למשל, פֿון דער באַרימטער סאַראַ, די הערצאָגין פֿון מאַלבאָראָ, וואָס איז אײנע פֿון די אַנטיקן אין דער פּאָעמע. און ברייט גערעדט, איז, מיין איך, פּאָופּ אמת שטאַרק צום לײענען אין פּראָפּאָרציע ווי דאָס באַהעפֿטע צעלנגעוועב — דער אַרגומענטאַטיווער אָדער אינטעלעקטועלער פֿאָדעם וואָס בינדט צונויף, אָדער באַדאַרף צוזאַמענבינדן, די דאָזיקע גרויסע שטעלן — איז מינדערוויכטיק אין צאָל, אין פֿאַרגלײַך מיט די גרויסע פֿראַגמענטן וואָס זיי בינדן צוזאַמען. איך ווייס נישט צי יענע, וואָס זענען באַקאַנט מיט דער פּאָעמע שטימען איין מיט מיין קריטיק, אָבער, ברייט גערעדט, מיין איך, אַז עס איז אַזוי, און ברייט גערעדט איז עס אמת בנוגע גאַנץ פּאָופּ.

אין אַן אַנדער אַרגומענטאַטיווער פּאָעמע, אַ דידאַקטישע דאָסמאָל, קען מען אָנטרעפֿן אַ פּאָעטישן פֿאַרגלײַך וואָס ד״ר דזשאַנסאָן האַלט פֿאַרן בעסטן אין דער ענגלישער שפּראַך — אַ זייער גרויסער שבח פֿון אַ זייער גרויסן קריטיקער. עס איז דאָרט ווו דער דיכטער, — האָבנדיק דערקלערט אַז אין אונדזער פֿריסטער יוגנט מיינען מיר, אַז דאָס „פֿעלד פֿון לערנען״ קאָן מען זייער לײַכט באַזיגן, און אַז וואָס עלטער מיר ווערן, פֿאַרמערן זיך די שוועריקייטן, — ברענגט אַריין דעם באַרימטן „פֿאַרגלײַך״ וואָס פֿאַר־ענדיקט זיך מיט דער שורה: Hills o'er hills, and Alps on Alps arise!
אָבער איך וואַג גאַנץ באַשיידן, אויפֿסניי נישט אײַנשטימען מיט ד״ר דזשאַנ־סאָן. איך דערוועג זיך מיט אים נישט אײַנשטימען דערפֿאַר, ווײַל, ווי מיר שיינט, איז דער אַרגומענט, וואָס פּאָופּ האָט אילוסטרירט, אים לחלוטין נישט אָנגעגאַנגען. דאָס גאַנצע האָט ווינציק וואָס געהאַט צו טאָן מיט

דער „עסיי איבער קריטיק" *). וואָס ער האָט געהאַט בדעה איז געווען נישט דער קעגנשטאַנד וואָס האָט געזאָלט אילוסטרירט ווערן, נאָר די אי־לוסטראַציע וואָס ער האָט אָנגעווענדט אויפן קעגנשטאנד, און די אילוסטראַ־ציע איז באמת געווען אויסגעצייכנט. אָבער — אויב איך בין גערעכט, — זינט דער קעגנשטאַנד אילוסטרירט צו ווערן, ווי באַהאַנדלט פון פּאָופּן, האָט קוים פאַרדינט די מי, — פיל איך נישט גענויגט דורכויס איינצו־שטימען מיט דעם איבערטריבענעם שבח, וואָס ד"ר דזשאָנסאָן האָט באַ־וויליקט דעם ספּעציעלן טייל פון דער פּאָעמע.

דאָס איז אָבער אַלץ אַ בייזאַך. איך האָב געפּרוווט צו באַווייזן, אַז ס'זענען פאַראַן דריי גרויסע פאָרצוגן וואָס איטלעכער וועט צוגעבן, אַז פּאָעזיע פאַרמאָגט איבער פּראָזע, באַהאַנדלענדיק וואָס פאַראַ טעמע. איך מיין, די מעלאָדיע, דער געניוס וואָס די פּירושים אויף דעם מאַטעריאַל פאַרשאַפן, און די באַפּוצונג וואָס די ספּעציעלע ליטעראַטור־פאָרמע דער־לויבט און דערמוטיקט אַפילו.

אָבער עס איז פאַראַן אַן אַנדער אַטריבוט פון פּאָעזיע וואָס פּאַסט זיך, ווי איך מיין, דער טעמע אַרגומענטירט אין פערזן, און דאָס איז די קראַפט פון צוזאַמענפּרעסן, די קראַפט פון אַרויסצוברענגען אינטענסיוויטעט, מיט וואָס פּאָעזיע איבערשטייגט אומגעהייער פּראָזע, אין איר איינפאַכן און צום פּאַסיקסטן באַרוף. איך בין נישט זיכער, אַז די מעלה פון צונויפפּרעסן און אינטענסיוויטעט קריגט שטענדיק די גענוגנדיקע אויפמערקזאַמקייט פון קרי־טיקער און ליטעראַטור־שטודירער. דאָס שיינט מיר צו זיין אַ סך אַ גרע־סערער עצם־ענין ווי מיר זענען מסוגל צו טראַכטן. וויסנשאַפטלייט זענען גאַנץ באַקאַנט מיט דעם געדאַנק, אַז די צייטמאָס וואָס נעמט, פאַרשנעלערונג, אינטענסיוויטעט, אַז די אַלע זאַכן זענען פון גרעסטער וויכטיקייט אין באַנעם פון נאַטור־דערשיינונגען, אָבער איך מיין נישט, אַז מיר פאַסן אַלע־מאָל אויף ווי ווייט פאַרשפּרייט, דורך דער גאַנצער ליטעראַטור, איז די מעלה פון אינטענסיוויטעט, און וויפל עס באַטייט, און דורך וואָס פאַראַ מיטלען ליטעראַטור־שרייבער פּרוּוון און דערגרייכן עס. מיר זענען באַרייט צו רעדן גלייך ווי דערזעלבער מיין וואָס איז אויסגעדריקט אין אַ צונויפ־געפּרעסטער פאָרם וואָלט געקענט ווערן אויסגעברייט און פאַרטייטשט און

*) *Essay on Criticism*, by Alexander Pope.

אויסגעצויגן עד אין־סוף, און אַז דעמאָלט וואָלטן מיר געהאַט דעמזעלבן מיין אין צוויי געשטאַלטן. אָבער דאָס איז נישט ריכטיק. בלויז לויז מאַכן ענדערט די קוואַליטעט. די בלויזע פאַנאַנדערצ:ונג, די בלויזע דערקלערונג, די בלויזע באַפּוצונג פון דער זאַך פאַרניכט אירע וויכטיקסטע אַטריבוטן, פאַרניכט אַפילו אירע העכערע קוואַליטעטן. איר שטויסט זיך אָן אויף אַ שורה אָדער אַ צוויי־שורהדיקן פערז ביי אַ דיכטער וואָס זעט אויס צוליב עפּעס אַ סיבה פאַרטונקלט. איר לייענט אַ לענגלעכע באַמערקונג וועגן דעם, די באַמערקונג דערקלערט דעם דיכטערס מיין. זי דערציילט אָבער נישט וואָס דער דיכטער האָט געזאָגט — זי גיט אייך נישט דעם דיכטערס מיין. עס איז פּונקט אַזוי זיך פאָרשטעלן, אַז עפּעס אַ רפואה אָדער אַ שטאַרקונגס־מיטל וואָלט געהאַט דיזעלבע ווירקונג מיטן צוגוס פון אַן אומבאַשטימטער מאָס וואַסער. דאָס הייל־מיטל פאַרבלייבט דאָרט און איז נישט געענדערט, אָבער פאַר אַלע פּראַקטישע צוועקן איז עס לחלוטין אַן אַנדערע זאַך. פּאָעזיע דערלויבט די פאַרגרעסערונג פון אָנשטרענג, די אַרגומענטאַציע פון אינטענסיוויטעט און קאָנצענטרירונג, אויף אַן אַרט וואָס פּראָזע דערלויבט נישט.

דאָס איז איינע פון די סיבות פאַרוואָס מיר מעגן האָפן, אַז אַרגומענטאַציעס קענען פּרעזענטירט ווערן אַזוי ווירקזאַם און קרעפטיק אין פּאָעזיע, ווי פּראָזע איז עס נישט אימשטאַנד. פאַרוואָר, אין דעם ליגט אַ שטיק אמת; אָבער איידער איך גיי איבער צו דעם וואָלט איך אפשר גלייכער אָנגעדייט די מעטאָדן, דורך וועלכע די אַרט אינטענסיוויטעט ווערט דערגרייכט. די מעטאָדן זענען פּילפאַכע. דער איינפאַכסטער פון אַלע איז, וואָס איך מעג אָנרופן טעלעגראַפישע קאָנצענטראַציע. צומאָל שיקט עמעצער אַ טעלע־גראַמע וואָס באַשטייט פון דער סובסטאַנץ מיטטיילונג, אָבער אַן פּרעפּאָזי־ציעס, און דער לייענער, איז צו דערוואַרטן, וועט אויספילן אַלע „לעכער" און איבערזעצן די מיטטיילונג אויף עפּעס אַ מער פאַרשטענדלעכן אופן. די אַרט קאָנצענטראַציע איז מעגלעך אין פּאָעזיע אויף אַן אופן, וואָס פּראָזע וועט קיינמאָל נישט דערליידן. דיכטער האָבן די פאָרם געברויכט און מיסגעברויכט. אין דער „עסיי אַן מען" זענען דאָ שטעלן זייער פאַרוויקלטע, וואָס האָבן אפשר נישט פיל ווערט זיי אויפצופלאָנטערן; אָבער די פאַר־וויקלטקייט קומט דערפון, וואָס דער דיכטער האָט אָנגעווענדט כמעט אַ טעלעגראַפישע סיסטעם. ער האָט צופיל אויסגעלאָזט און דערוואַרט זיינע

לייענער עס אַריינשטעלן. און אַ סך אַ גרעסערע פּערזאָן, און אין טייל אופנים אַ סך אַ גרעסערער דיכטער, ווי דראַידן, האָט נאָך מער געזינדיקט אין דעם אופן — דאָס איז ראָבערט בראַונינג. בראַונינג האָט געלאָזן שווע־ריקייטן — שווערקייטן וואָס יעדער לייענער, וואָס זאָגט דעם אמת, געפינט נאָכפאָלגנדיק זיין ליניע פון געדאַנק, בלויז דערפאַר וואָס ער האָט אַזוי געוויסנלאָז און אומבאַראָטן אָנגעווענדט די טעלעגראַפישע כלי־זין פון קאָנצענטראַציע; און אָפט איז עס אַ גאַנץ מיזאַמע אונטערנעמונג. ווען נישט איבער די מאָס, איז די צונויפּפּרעסונגס־קראַפט אַ מעלה פאַר יענע דיכטער, וואָס זענען דרייסט גענוג זיך צו פאַרמעסטן אויף אַרגומענטאַציע אין פּראָזע. קיין פּראָזע שרייבער וואָלט ווען געוואָגט אָנווענדן די פאָרם — מען דערוואַרט פון אים, און מיט רעכט, ער זאָל זיין אַרטיקל פאַנאַנדערצ:יען ביז צו דעם פּונקט וואָס איז דירעקט פאַרשטענדלעך יעדן אַלגעמיין־געשולטן לייענער. בנוגע דעם האָט דער דיכטער זיין פאַרצוג איבער דעם פּראָזאַיקער.

אָבער אויך אַנדערע מעטאָדן זענען פאַראַן, לויט וועלכע פּראָזע קען אָן ספק עפּעס אויפטאָן צו קריגן אינטענסיוויטעט, וואָס איז אַזאַ וויכטיקע קוואַליטעט — איך זועל נישט באַהויפּטן פון סטיל, אָבער ווו סטיל איז וויכטיק.

פּאַראַדאָקס איז אַ מעטאָד. וואָס איז די מעלה פון פּאַראַדאָקס? פאַרוואָס ברויכן עס אייניקע און פאַרוואָס מיסברויכן עס אַנדערע? ווייל עס איז אַ מעטאָד אין וועלכן דער גאַנצער אַרגומענט קען ווערן קרעפטיק צונויפּ־געפּרעסט ביז ער שיינט צו קריגן אַ באַטייט וואָס ער וואָלט נישט געהאַט ווען פאַנאַנדערגעצויגן אין זיין פולער לענג. מערקווירדיקע פאַלן פון פּאַראַ־דאָקס־מיסברויך איז צו געפינען אין מר. טשעסטערטאָנס שאַרפזיניקע און סוגעסטיווע שריפטן. זיי זענען זייער באַלערנדיק, און צו באַטראַכטן זיי פון דעם שטאַנדפּונקט פון וועלכן איך באַמי זיך זיי פאָרברענגען — נעמלעך, אַ מין איבערבליק פון די מעטאָדן, דורך וועלכע קינסטלער אין פּערזן און פּראָזע קריגן די קוואַליטעט פון קאָנצענטראַציע און אָנשטרענגונג — קען מען באַמערקן, מיין איך, מר. טשעסטערטאָנס אָנווענד פון דעם ספּעציעלן מעטאָד דורכויס, און נישט נאָר אַז ער טוט דאָס, נאָר אויך פאַרוואָס. דאָס־זעלבע מיט עפּיגראַמען, אַזעלכע עפּיגראַמען ווי פּאָפּ האָט געהאַלטן אין איין פאַרפאַסן, נישט שטענדיק אין די בעסטע שטעלן, נאָר אין אַן איינצלנער שורה דאָ און דאָרט, וואָס — אַדאַנק דער אויסערגעוויינלעכער שלימות פון

פאָרם און דער קאָנצענטראַציע וואָס ער איז שטאַנדהאַפט געווען זיי מיט־צוטיילן, זענען פאַרשפּרייט געוואָרן אומעטום ווו ענגליש ווערט גערעדט, און זיך פאַרוואַנדלט אין אַ שפּריכוואָרט־עלעמענט און דעם אומגאַנג פון דער שפּראַך.

נאָך איין מעטאָד איז פאַראַן, דערלויב איך זיך צו דערמאָנען, וואָס איז אויגנשיינלעך: איך האָב געוואָלט זאָגן, באַרימעריש־צוריקגעצויגן, ווען דער שרייבער דערפירט דעם לייענער צו אַ שלוס וואָס איז אַזוי דייטלעך, צו אויספירן וואָס זענען אַזוי איינפאַך, און דאַן לאָזט ער דעם לייענער טאָן ס׳איבעריקע. דאָס איז ווירקלעך אַ נישט אָפט אָנגעווענדעטער מעטאָד, אָבער פאַלן זענען פאַראַן — איך וועל זיי נישט דערמאָנען — ווו זיי זענען אָנ־געווענדט געוואָרן מיט באמת אויסערגעוויינלעכע ליטעראַרישע עפעקטן. מיין אָנדייט מוז פאַרשטאַנען ווערן, איז נישט, אַז דער תמצית פון גוטן סטיל ליגט אין דער קאָנצענטרירונג און אינטענסיוויטעט, און אַז דער אונטערשיד צווישן שלעכטן און גוטן שרייבער איז דאָס וואָס דער גוטער שטאָפּט אָן רמזים, סוגעסטיעס, געדאַנקען, אַרגומענטאַציעס אין אַ פאָרם, וואָס מאַכט זיי אַ סך שטאַרקער, ווי ווען זיי זענען לויזער אויפגעפּאַסט דורך נישט־קאָמפּעטענטער באַהאַנדלונג. מיין טעאָריע איז נישט פון אַזאַ ברייטער אויפפאַסונג. איך גלויב נישט, אַז אַלע מעלות פון סטיל זענען, פון אַזאַ אָדער אַן אַנדער געשטאַלט, באַמיזונגען אין קאָנצענטראַציע. מען דאַרף בלויז באַטראַכטן אַזאַ נאָוועליסט ווי ריטשאַרדסאָן כדי צו זען, אַז דער היפוך קען זיין אמת. איך בין נישט קיין גרויסער קענער פון ריטשאַרד־סאָנען. איך וואָלט באַדאַרפט געווען זאָגן, אַז זיינע עפעקטן זענען בכיוונדיק פּראָדוצירט פון קיינמאָל־נישט אויף עפּעס קאָנצענטרירנדיק זיך. עס איז אַ בהדרגהדיקער און לאַנגזאַמער אָנקלייב פון זאַכן וואָס זענען נישט קאָנצענטרירט, נאָר אַדאַנק דער בלויזער מאַטעריאַל־רייכקייט און צוזאַמענ־גענומען האָבן זיי געמאַכט אַן אויסערגעוויינלעכן איינדרוק אויף זיין אייגענעם דור, נישט אָנווערנדיק אים צווישן קולטיווירטע לייענער עד היום. דאָך זענען די פאַלן גאַנץ זעלטענע. צו נעמען אין באַטראַכט דעם שרייבער, וואָס גיט זיך קיינמאָל נישט אָפּ מיט פּאַראַדאָקס, און איז מיושבדיק שפּאָרזאַם מיט עפּיגראַמען. צו באַטראַכטן דזשעין אָסטן. זי האָט פאַרמאָגט אַ סטיל וואָס האָט באַוויזן די קאָנצענטרירונג. איך גלויב, זי האָט געזאָגט וועגן זיך, אַז אירע עפעקטן זענען אַרויסגעבראַכט געוואָרן פון אומציילִיקע

מינדסטע שטריכן. איך קריג זיך נישט מיט איר איבער איר קונסט, נאָר איטלעך שטריכעלע איז געווען קאָנצענטרירט — דאָס איז די זאַך, לייענענדיק וואָס פאַרא ראָמאַן אירן קען מען באַמערקן וויפל זי האָט אויפ־געטאָן מיט אַ ווונק און אַן אָנדייט, מיט סטיל אין בעסטן זין פון וואָרט, און ווי געדיכט אירע ראָמאַנען זענען מיט דעם וואָס גרייפט אָן דעם לייענער און מאַכט אים דערפילן די גאַנצע סצענע וואָס זי באַמיט זיך פאַרצושטעלן גלייך ווי דאָס פאַרקומענדיקע וואָלט זיך אָפגעשפיגלט פאַר זיינע אויגן.

דאָס וואָס קען אויסגעפּירט ווערן אין פּראָזע דורך די מיטלען, און דורך אַנדערע אָן צווייפל, איז אויך מעגלעך, און אויף אַ פיל־גרעסערן מאָס־שטאַב, אין פּאָעזיע, און איך וויל אָנדייטן אַז מען דאַרף אונטערשיידן צווישן די צוויי מעטאָדן לויט וועלכע דיכטער פון פאַרשיידענע שולן האָבן דער־גרייכט די קאָנצענטרירטע אָנגעשטרענגטקייט. אָנצוווענדן אַ גאַנגבאַרן פאַל פון דער פאַרגאַנגענהייט — העט־העט אָפּגערוקט פון 18טער אָדער 17־הונדערטיעריקער פּאָעזיע און זייער ווייט פון אַרגומענטאַציע — וועל איך נעמען אַן אויסצוג פון קיטס באַקאַנטן סאָנעט, די לעצטע פיר שורות פון זיין באַרימטן סאָנעט צו האָמערן:

> Or like stout Cortez when with eagle eyes
> He stared at the Pacific — and all his men
> Looked at each other with a wild surmise —
> Silent, upon a peak in Darien."

דאָס זענען פיר שורות ווו ס'איז נישטאָ קיין וואַרשיינלעכקייט פון באַמיונג, ווו די מעלאָדיע, אָנטציקנדיק ווי זי איז, צווינגט זיך נישט אַרויף אויף אונדזער אויפמערקזאַמקייט. דאָך פאַר מיר איז דאָרט דאָ אַזאַ קאָנ־צענטרירט בילד, וואָס אויב מען זאָל זיך אָנווענקן עס אָנשרייבן אין פּראָזע, וואָלט עס פאַרנומען אַ בלעטל, און ערשט דערנאָך וואָלט עס אין קיין פּרט נישט ענלעך געווען צום אָריגינאַל. מען קריגט פון דאָרט אַרויס, אַדאַנק דער העכסטער פּאָעטישער סוגעסטיע, די צונויפפּרעסונג פון וועלכער איך רעד, און די זונדערבאַרקייט פון צונויפפּרעסן דורך דער פּאָעטישער סוגעסטיע איז וואָס זי האָט נישט קיין קלאָר באַצייכנטע ראַנדן. צונויפגע־פּרעסט ווי דאָס איז, איז עס טושירט, אַזוי צו זאָגן, אין די אויסערלעכע ראַנדן, און נישט קיין באַצייכנטער ברעג, און דער אופן ווי עס סוגעסטירט זיך איינעם איז נישט פּונקט דערזעלבער ווי עס סוגעסטירט זיך אַ צווייטן.

עס איז פֿאַראַן אַן אונטערשיד, און יענע וואָס קענען נישט אָנען די סוגעסטיע זאָגן וועגן זיך, גאַנץ וואָר, אַז זיי האַלטן נישט פֿון פּאָעזיע.

נאָך אַ פֿאָרם איז פֿאַראַן וואָס איך וויל אונטערזוכן — די פֿאָרם פֿון העכערער אָנדייטונג און סוגעסטיע לויט דעם אַרט פֿאַראינטענסיווירן, וואָס איז אַזוי מערקווירדיק דערגרייכט, דורך גאַנץ אַנדערע מעטאָדן, פֿון רע־טאָרישע דיכטער וועלכע האָבן געשריבן אין דעם יאָרהונדערט וואָס האָט נאָכגעפֿאָלגט דעם רעסטאַווראַציע־פּעריאָד. זייער קאָנצענטראַציע איז געווען פֿון אַ באַזונדער מין. עס איז געווען אויפֿן געביט פֿון עפּיגראַמאַטישן רעזו־מירן. די קאָנצענטראַציע האָט ווי געהאַט באַשטימטע און קלאָרע גרענעצן — קיין שפּור פֿון דער פֿאַרטונקלטער סוגעסטיע, פֿון צווייפֿלדיקן קאָנטור. זי איז געווען שטאַרק און קרעפֿטיק, אָבער זי האָט נישט געהאַט אין זיך קיין שמץ פֿון די ספּעציעלע קוואַליטעטן, וואָס זענען אַלגעמיינלעך אַסאָצי־אירט, און מיט רעכט אַסאָציאירט, מיט דער העכערער פּאָעזיע, און אָט פֿאַרוואָס אַזויפֿיל מענטשן נעמען אָן, אַז דרײַדן און פּאָופּ זענען קיין דיכטער נישט געווען. ווי באַוווּסט איז אַ געוויסע צייט אָנגעגאַנגען אַ לאַנגער און פּרוכטלאָזער דיספּוט וואָס איז אויפֿגעקומען צוליב דעם, צי פּאָופּ דאַרף אָנגערופֿן ווערן מיטן נאָמען דיכטער אָדער נישט — אַ גאַנץ צוועקלאָזער וויכוח. קיין מענטש האָט ווען געצווייפֿלט, אַז פּאָופּ איז געווען אַ פֿולקאָמער קינסטלער, אָדער אַז זיין קונסט וואָלט געקענט אויסגעפֿירט ווערן אין וואָס פֿאַראַ אַנדער מעדיום ווי פֿערזן — אַ גרויסער קינסטלער, וואָס איז זיכער פֿעיִק כאַראַקטעריזירט צו ווערן, איז געווען אַ גרויסער דיכטער. אָבער יענע, וואָס האָבן אָנגענומען, אַז פּאָופּ איז נישט קיין דיכטער, האָבן עפּעס געהאַט אין זינען, און דער „עפּעס" איז לחלוטין נישט געווען זינלאָז, אָדער עם־הארצות, אָדער באמת אומריכטיק. זיי האָבן געפֿילט, און מיט רעכט, ווי איך מיין, אַז די קונסט פֿון אינטענסיוויטעט אין אויסדרוק, די אינטענ־סיוויטעט פֿון געדאַנק, דאָס פֿאַרשטעלן אַ סיטואַציע, אָדער אַרגומענט, אָדער וואָס עס זאָל נישט האָבן געווען זיין דערגרייכט פֿון פּאָופּן אָדער זיינע פֿאַר־לויפֿער, איז געווען דורך גאַנץ אַנדערע מעטאָדן ווי יענע וואָס מ'האָט אָנגעווענדט אין דער גרויסער עפּאָכע פֿאַר דער רעסטאַווראַציע — וואָס מיר רופֿן אומגעפֿער און נישט־פּינקטלעך, דער עליזאַבעטישער פּעריאָד — אָדער וואָס איז דערנאָך באַנוצט געוואָרן אין נײַנצנטן יאָרהונדערט, און פֿון דיכטער פֿון אַ שפּעטערער דאַטע. דער חילוק, מיין איך, ליגט אין דער

אַנטשיידונג וואָס איך האָב זיך באַמיט צו ציִען, ד״ה, אין אַרויסקריגן דורך גאַנץ קלאָרע סוגעסטיעס די עמאָציאָנעלע אָנשטרענגונג, ביים סאַמע צענטער פון דער „ברענענדיקער קראַפט״, ווי עס ווערט געטאָן דורך די דעליקאַטע אָנדייטן וואָס טושירן זיך אָפּ אין אַסאָציאַציעס, וועלכע זענען קוים מעגלעך פאַר דעם לייענער אויפצוכאַפּן און פאָרמולירן, אָבער וועלכע פאָרמירן, ווי די איבערטענער פון אַ פידל, נישט קיין קליינעם טייל פון דער ווירקלעכער קוואַליטעט פון דער זאַך וואָס פאַרשאַפט אים פאַרגעניגן. דאָס באַצוועקט נישט און ווערט נישט דערגרייכט פון אַזעלכע גרויסע קינסטלער ווי דראַיידן און פּאָופּ. לאָמיר מאַכן די אַנטשיידונג אַזוי פּאָרזיכטיק ווי מעגלעך, און דאַן באַשליסן צו שעפּן פאַרגעניגן פוןביידע.

מען קען מיך פרעגן צי איך צי אַ מוסר־השכל. האָב איך גערעדט צוגונסטן דעם אָנווענד פון פערז ווי אַ מיטל פאַר אַרגומענטאַציע, אָדער קעגן דעם? איך ווייס אַליין קוים. מיר דוכט אַז שריפטלעך, אַזוי צו זאָגן, קען מען די פאָרגעבראַכטע ביישפּילן אויסנוצן לטובת אָנווענדן דעם פערז אויף אַרגומענטאַציעס וואָס זענען וואָרשיינלעך ווייט פון פּאָעזיע. מען קען, למשל, באַהויפּטן, אַז דראַיידן איז פּאָרויסגעטראָטן ביי אַ פּאָליטישן קריזיס און אָנגעשריבן אַ פּאָליטישן פּאַמפלעט אויף אַ פּאָליטישער טעמע. אָנגענומען אַז ער איז געווען אומבאַלערנט, צוגעגעבן אַז ער האָט מער נישט געהאַט אויסצודריקן ווי די אַלגעמיינע פּראָזעס פון דעם ספּעציעלן וויכוח. אָבער מען געדענקט אים, און אויך זיין פּאָעמע; און ווי אַ דיכטער קריגט ער די לויב פון מענטשן, וואָס טראַכטן ווענן אים ווי ווענן אַ געלערנטן און עפעקטיוון אַנאַליטיקער נישט מער ווי זיי וואָלט איינגעפאַלן צו גריבלען זיך אין עפּעס אַ לאַנג־פאַרגעסן פלוג־בלעטל בנוגע אַן אינצידענט וואָס איז זיי אומאינטערעסאַנט. טילאָטסאָן איז אַ בכבודיקער נאָמען. וויפל מענטשן זענען פאַראַן וואָס האָבן געלייענט סטילינגפליטס אָדער שערלאָקס אַ וואָרט? נישט קיין סך. טייל האָבן עס געוויס געטאָן. אָבער דראַיידן רופט אַרויס לויבגעזאַנג ביי אַזעלכע קריטיקער ווי מאַקאָלי און פּראָפעסאָר ווערראַל, ווי איך האָב אָנגעדייט, און אָן ספק וועט די פּאָעמע באַוווּנדערט ווערן פון קאָמפּעטענטע קריטיקער, אַזוי לאַנג ווי די ענגלישע שפּראַך וועט געווערן. אָבער ווי האַלט עס מיט דער „עסיי אָן מען״? דאָס ווערק, איז צו באַמערקן, ווערט אָפּגעשפּאָט פאַר דער שוואַכקייט פון דער אַרגומענטאַציע: דער, יענער אָדער דריטער קריטיקער באַהויפּט, אַז די „עסיי״ איז אַן אָרימער איבער־

געניצעוועטער געמיש פון באַלינגבראָוק, וואָס שטאַמט אָפּ אַן־און־פאַר־זיך אויף דעם זעלבן אופן פון לייבריקצן. דאָס איז אַלץ גאַנץ וויל, אָבער די פּאָעמע איז, אין דעם יאָרהונדערט ווען פּאָופּ האָט זי פאַרפאַסט, נישט נאָר איבערזעצט געוואָרן אין אַנדערע שפּראַכן, נאָר לאַנג פאַר זיין טויט זיך פאַרוואַנדלט אין מאַטעריאַל פאַר דעבאַטע ביי גרויסע פּערזענלעכקייטן, וועמען עס איז לחלוטין נישט אָנגעגאַנגען, און ווינציק וואָס באַקאַנט געווען, די ענגלישע ליטעראַטור. אין זיין צייט האָט אים אָפּגעענטפערט אַ פּראָמי־נענטער שווייצאַרישער טעאָלאָג מיטן נאָמען קרוסאַז, גלויב איך. ווער וואָלט ווען געהערט דעם נאָמען ווען נישט פּאָופּ? קיינער. און די „עסיי" ווערט נישט נאָר געלייענט איצט אומעטום ווו מען שטודירט די ענגלישע ליטעראַ־טור; נישט נאָר קלינגען אָפּ זיינע צוויי־שורותדיקע פערזן אין אונדזערע אויערן און איינצלנע באַצירן אונדזער שיינרעדנעריי — נאָר פאַר דעם סוף פון 18טן יאָרהונדערט — צוויי דורות, מערקט איך, נאָכדעם ווי די פּאָעמע איז געווען אָנגעשריבן — איז ער געלויבט געוואָרן פון דוגאַלד סטואַרט, נישט קיין מינדערוויכטיקער פילאָסאָף, אויף אַן אַרט, דענק איך, פון ביז־גאָר לעכערלעכן שבח — איך דייט אָן אויף דעם פילאָסאָפישן טייל דערפון — אָבער פון וואָרשיינלעכער אויפריכטיקייט. איך נעם אויך אָן פאַר גילטיק — מאַרק פּעטיסאָן איז מיין אויטאָריטעט אין דעם פּרט — אַז די „עסיי" איז געווען אויגוסט קאָנטס באַליבטע פּאָעמע — אַ פיל גרעסערער פילאָסאָף ווי דוגאַלד סטואַרט. די פאַקטן קען מען נישט לייקענען. דער מאַן, וואָס אַרגומענטירט אין פּראָזע, ווערט פאַרגעסן. דעמיעניקן, וואָס אַרגומענטירט אין פערזן, אויב ער איז נאָר גענוג געניאַל, געדענקט מען.

דאָס וואָלט געשיינט צו זיין די גרויסע פאַרטיידיקונג פאַר דעם עקס־פּאָזיציע־מעטאָד, אָבער איך גלויב קוים צי ס'איז אַזוי. וואָרשיינלעך, אויב מען זאָל אַריינבליקן עטוואָס טיפער קען מען אויסגעפינען, אַז ס'איז נישט אמת. קיין ענין עלטערט זיך נישט אַזוי ווי דיספּוט. די אַרגומענטאַציעס, וואָס האָבן צופרידנגעשטעלט אונדזערע עלטערן, שטעלן אונדז נישט צופרידן. יענע פון וועלכע אונדזערע זיידעס האָבן געהאַלטן, זענען נישט געווען לויט דעם געשמאַק פון אונדזערע עלטערן, און אַזוי געשעט עס פון גענעראַציע צו גענעראַציע. נישט דערפאַר — איך וואָלט דאָס פאַר איין מאָמענט נישט סוגעסטירט — ווייל נויטווענדיק זענען די אַלטע וויכוחים, אויב מען זאָל זיך דערגריבלען צום תמצית, נישט געווען פון עכטן מין. איך באַהויפּט

נישט אַז די נייע פאָרם איז אין עצם, און פון אַבסאָלוטן שטאַנדפונקט, וועד וויסט וויפל מאָל בעסער ווי די אַלטע, אָבער זי איז צוגעפּאַסט צו דעם דור וואָס שאַפט זי, און יעדער דור וועט דורכויס באַשטיין, אַז זיינע פּראָב־לעמען זאָל מען דיסקוטירן אויף זיין אופן, אין אַ שפּראַך וואָס איז צוגעפּאַסט צו זיין אייגענעם פאַרשטאַנד און טעמפּעראַמענט. און אַזוינאַך, ווען די אַלטע וויכוחים ווערן פאַרקערפּערט אין אַ ליד, זענען די וויכוחים ווירקלעכע מומיעס פון וועלכע דאָס ליד איז דער אַראָמאַטישער געווירץ וואָס פּרעזער־ווירט זיי פון צעפוילן. דאָס ליד דערהאַלט נישט די אַרגומענטאַציעס ביים לעבן, עס האַלט אויף דאָס אייגענע לעבן, און די אַרגומענטאַציעס גייען מיט, צו באַנוצן אַן אַלטן פאַרגלייך, ווי די פליג אין בורשטין. קיינעם, גלויבט זיך, גייט איצט נישט אָן די ספּעציעלע פאָרם וואָס דראַידן האָט אויסדערוויילט אין 1687. דאָסזעלבע מיט פּאָופּס פאָרם אין 1732. אָבער גאָר וויכטיק איז דער מעדיום אין וועלכן די דאָזיקע אַרגומענטאַציעס זענען אַרויסגעבראַכט. דאָס דערהאַלט די וויכוחים ביים לעבן, און די אַרגומענטן האָבן גאָרנישט צו טאָן מיט דער פּאָעמע. עס איז נישט די פּאָעמע וואָס מאַכט איצט שטאַנדהאַפטיק דאָס לייענען די אַרגומענטאַציע.

דערפאַר וואָלט איך סוגעסטירט, אַז ווער עס האָט אַן אַרגומענטאַציע פאָרצוברענגען פאַר דעם פּובליקום, זאָל גלייכער באַנוצן פּראָזע איידער פּערזן.

איך קען זיך נישט פאָרשטעלן אַ טעמע — און אַ דיכטער — וואָס וואָלט געבליבן באַשיצט, וועמעס ראיה וואָלט געווען באַשיצט, קעגן מיין קריטיק. איך קען מיר מאָלן, אַז עס זענען פאַראַן טעמעס וואָס, צוליב זייער שווערקייט, אַדאַנק זייער אומגעהייערקייט, וואָלטן בלויז געקענט באַהאַנדלט ווערן אין דער אַלוזיע־פאָרם פון קאָנצענטרירונג, וואָס איך האָב באַצייכנט פאַר עכט־פּאָעטישע און וואָס וואָלטן זיך געניטיקט אין זייער פיל פון דעם עלעמענט. אויך קען איך מיר פאָרשטעלן, אַז עס זאָל דערשיינען אַ דיכטער מיט אַזאַ ברייטן שטאַנדפונקט, פאָרשטעלונגס־קראַפט און באַאַבאַכטונגס־פעיִקייט, וואָס וואָלט אַזוי צוזאַמענגעשמאָלצן דעם מאַטעריאַל פון זיין אַר־גומענטאַציע אין דער פאָרם און סובסטאַנץ פון זיין דיכטונג און פאַר וועמעס טעמע ס'וואָלט אַזוי אוממעגלעך געווען וואָס פאַראַ אַנדערע באַהאַנדלונג סיידן די פּאָעטישע, אַז די וועלט וואָלט עד סוף עולם געצוווּנגען געווען אָנצונעמען בײדע, די אַרגומענטאַציע און די פּאָעמע. אָבער אַזאַ קאָמבינאַציע

האָט נאָך נישט פּאַסירט. איך האָב זיך פּריִער פאַררופן אויף ראָבערט בראַונינג, און איך פיל די מעגלעכקייט, אַז געוויסע טעמעס וואָס בראַונינג האָט באַהאַנדלט, אַז די מאַטעריאַלן און דער דיכטער, וואָלטן געווען געקענט שטאַנדהאַפטיק מאַכן די קאָמבינאַציע. אָבער ווי ד״ר דזשאַנסאָן האָט געזאָגט, נאָך טויזנט יאָר קענען מיר וואַרטן איידער מיר וועלן קריגן נאָך אַזאַ געראָטענעם פערזן־שרייבער ווי פּאָופּ. טאָ, זאָג איך, אַז אַזאַ קאָמבינאַציע, ווי איך האָב אָנגעדייט, איז בלויז אַ חלום, און אַז די געזעלשאַפט — אויב זי זאָל דערלעבן צו פייערן די דערשיינונג פון אַזאַ דיכטער און אַזאַ חקרן אין פערזן — וואָלט האָבן דערגרייכט אַן עלטער פון ווירדיקייט און אַ רייפקייט פון רעפּוטאַציע וואָס זי וואָלט כשר פאַרדינט. דאָס קען בלויז קומען נאָך יענע, וואָס האָבן די טראַדיציע געגרונטעוועט, און יענע, וואָס ווערן וואָס־אַמאָל עלטער, וועלן פאַרגעסענע ליגן אין שטויב.

פ. ב. שעלי

# עסיי איבער דער ליטעראַטור, די קונסטן און זיטן פון די אַפּינער

(פראַגמענט)

דער פּעריאָד צווישן פּעריקלס געבורט און אַריסטאָטלס טויט איז אָן צווייפל, — צי גענומען פאַר זיך, אָדער בנוגע די איינדרוקן וואָס ער האָט געמאַכט אויף די קינפטיקע גורלות פון ציוויליזירטע מענטשן, — דער געדענקסווירדיקסטער אין דער וועלט־געשיכטע. וואָס ס׳איז געווען די קאָמבינאַציע פון מאָראַלישע און פּאָליטישע אומשטאַנדן, וואָס האָט פּראָדוצירט אַזאַ אומפאַרגלייכלעכן פּאָרשריט אין יענעם פּעריאָד אין ליטעראַטור און אַנדערע קונסטצווייגן; — פאַרוואָס דער פּאָרשריט, אַזאַ שנעלער און דורך אויסגעהאַלטענער, איז באַלד אָפּגעהאַקט געוואָרן און רעטראָגרעסירט — זענען פּראָבלעמען פאַרבליבן פאַר דער באַוווּנדערונג און השערה פון די קינפטיקע דורות. די רויִנען און פראַגמענטן פון יענע סובטילע און שאַרפזיניקע מוחות, ווי די רויִנען פון אַ סטאַטוע, סוגעסטירן אונדז נעפּל־האַפט דעם גלאַנץ און שלימות פון דער גאַנצער פּאַנאָראַמע. שוין די שפּראַך זייערע — אַן אַרט פון די איינפאַרשטענדענישן פון וועלכע זי איז געווען די שאַפונג און אָפּשפּיגלונג — אין פאַרשיידנקייט, אין איינפאַכקייט, אין

בויגזאַמקייט, און אין שפּעדיקייט, איבערשטייגט יעדע אַנדערע שפּראַך פון דער מערב־וועלט. זייערע סקולפּטורן זענען אַזעלכע ווי מיר, אין אונדזער פאַרשטעלונג, נעמען אָן פאַר די מאָדעלן פון אידעאַלע אמת און שיינקייט, און וועלכע קיין קינסטלער פון מאָדערנע צייטן קען נישט פורעמען אין וואָס פאַרא ענלעכן גראַד. זייערע מאַלערייען, לויט פּליני און פּאַוזאַניאַס, זענען געווען פול מיט דעליקאַטקייט און האַרמאָניע; און טייל זענען אַפילו געווען מעכטיק פּאַטעטיש, אַזוי ווי אויפצוּוועקן, ווי צאַרטע מוזיק אָדער טראַגישע פּאָעזיע, די איבערגעוועלטיקסטע געפילן. מיר זענען גע־ווינט אויפצופּאַסן די מאלער פון זעכצנטן יאָרהונדערט ווי יענע, וואָס האָבן זייער קונסט דערפירט צו דער העכסטער שלימות, מסתם דערפאַר וואָס קיין אוראַלטע מאַלערייען זענען צו אונדז נישט דערגאַנגען. בעת אַלע דערפינדערישע קונסטן האַלטן אָן, אַזוי צו זאָגן, אַ סימפּאַטישע פאַרבונדנ־קייט צווישן זיך, זייענדיק נישט מער ווי פאַרשיידענע אויסדרוקן פון איין אינערלעכער קראַפט, מאָדיפיצירט פון באַזונדערע צושטאַנדן, אָדער פון אַ יחיד, אָדער פון אַ געזעלשאַפט; און די מאַלערייען פון יענעם פעריאָד וואָלטן מסתם געהאַט די זעלביקע שייכות ווי עס איז אויגנשיינלעך די שייכות פון די סקולפּטורן צו אַלע נאָכפאָלגנדיקע ווערק פון דעם קונסט־צווייג. וועגן זייער מוזיק ווייסן מיר ווינציק־וואָס, אָבער די עפעקטן וואָס מען זאָגט זי האָט געמאַכט, — צי זאָלן זיי צוגעשריבן ווערן דער געאיבטקייט פון קאָמ־פּאָזיטאָר, אָדער דער באַגרייפבאַרקייט פון זיינע צוהערער, — זענען אַ סך שטאַרקער ווי וואָס פאַרא דערפאַרונג פון דער מוזיק אין אונדזער צייט. און, ווירקלעך, אויב די מעלאָדיעס פון זייערע קאָמפּאָזיציעס זענען געווען צאַר־טער און דעליקאַטער, און מער באַגייסטערנדיק ווי די מעלאָדיעס פון טייל מאָדערנע אייראָפּעישע פעלקער, האָט זייער סופּעריאָריטעט אין דער קונסט געמוזט זיין עפּעס ווונדערלעך, און פאַר אונדז לחלוטין אומבאַגרייפלעך.

זייער פּאָעזיע איז, קענטיק, פון אַ גאָר הויכן, כאָטש נישט פון אַזאַ אומפּראָפּאָרציאָנעלן, גראַד אין פאַרגלייך (מיט דער פּאָעזיע פון שפּעטער־דיקע צייטן). אפשר איז שעקספּיר, צוליב דער פאַרשיידנאַרטיקייט און אומפאַסונגס־פעיקייט פון זיין געני, גענומען צו ווערן, פולשטענדיק, ווי דער גרעסטער אינדיווידועלער גייסט, פון וועמען מיר האָבן פאַרבליבענע מוס־טערן. מעגלעך, אַז דאַנטע האָט געשאַפן פאַנטאַזיעס פון גרעסערער שיינ־קייט און ענערגיע ווי וואָס ס׳איז צו געפינען אין דער פאַרצייטיקער גריכישער

ליטעראַטור. קען זיין אַז קיין זאַך איז נישט געפונען געוואָרן אין די פראַג־מענטן פון די גריכישע לירישע דיכטער פאַרגלייכבאַר מיט דער דערהויבענער און ריטערלעכער פילבאַרקייט פון פעטראַרק. — אָבער ווי אַ דיכטער מוז מען אָנערקענען, אַז האָמער איבערשטייגט שעקספירן אין אמת, האַר־מאָניע, אויסגעהאַלטענער פּראַכטפולקייט, אין דער באַפרידיקנדיקער פולשטענדיקייט פון זייגע בילדער, אין זייער פּינקטלעכער צוגעפּאַסטקייט צו די אילוסטראַציעס, און צו דעם וועלכן זיי געהערן. אויך וואָלט דאַנטע, מאַנגלהאַפט אין אויפפיר, פּלאַן, נאַטור, פאַרשיידנאַרטיקייט און צוריק־געהאַלטנקייט, נישט געקענט געבראַכט ווערן אין פאַרגלייך מיט די פערזאָנען, ווען נישט אַדאַנק יענע אָפּגעגליקטע אינדזלען, אויסגעשטאַט מיט גאָלדענער פּרוכט, וואָס קענען שוין אַליין גורם זיין עמעצער זאָל זיך אַ לאָז טאָן אין נעפּלדיקן ים פון זייערע פינצטערע און עקסטראַוואַגאַנטע מעשות.

אָבער אויסצולאָזן דעם פאַרגלייך פון אינדיווידועלע גייסטער, פון וועלכן מען קען, יעדנפאַלס, נישט ציִען קיין שלוס — ווי דערהויבענער זענען גייסט און סיסטעם פון זייער פּאָעזיע געווען לגבי וואָס פאַראַ אונ־דזערן פעריאָד! אַזוי אַז זאָל וואָס פאַראַ אַנדער געני, ענלעך אויף אַנדערע אופנים צו די גאונים וואָס האָבן די וועלט ציוויליזירט, האָבן דערשינען אין יענעם דור, וואָלט ער געווען דער גרעסטער פון אַלע, צוליב דעם צושטאַנד אַליין — מחמת זיינע קאָנצעפּציעס וואָלטן געווען אָנגענומען אַ האַרמאָנישערע און פולקומערע פאָרם. וואָרעם עס איז ווערט צו נעמען אין אַכט, אַז וואָס די דיכטער פון יענעם דור האָבן געשאַפן, איז אַזוי האַרמאָניש און פולקום ווי מעגלעך. אויב אַ דראַמע, למשל, איז געווען די פאַרפאַסונג פון אַ פערזאָן פון קלענערן טאַלאַנט, איז זי, דאַך, געווען האַרמאָגען און פריי פון אומגלייכקייטן; עס איז געווען אַ פולשטענדיק ווערק, טריי צו זיך אַליין. די שאַפונגען פון גרויסע גייסטער האָבן דורכויס געטראָגן דעם אויסגע־האַלטענעם שטעמפּל פון זייער גרויסקייט. אין דער פּאָעזיע פון די קינפטיקע דורות זענען די אויסזיכטן אָפּט עקזאַלטירט אויף איקאַרס פליגל, און זענגען אַראָפּ, צו אַנטוישט צו געבן אַ געדעכעניש און אַ נאָמען דער פאַר־געסלעכער סאַזשעלקע אין וועלכער זיי זענען אַראָפּגעזונקען.

אין נאַטור־וויסנשאַפטן האָבן אַריסטאָטל און טהעאָפראַסטוס שוין — אָן צווייפל אָנלענענדיק זיך אויף די אַרבעטן פון יענע פון זייערע פאָר־

לויפער וועמען זיי האָבן קריטיקירט — געמאַכט פאַרשריטן וואָס די רייפקייט פון וויסנשאַפט פאַרדינט. די שטוינענדיקע דערפינדונגען אין געאָמעטריע, — די ריי אַנטדעקונגען וואָס האָט שטאַנדגעמאַכט דעם מענטשן צו באַהערשן די עלעמענטן, און פאַראויסזען קינפטיקע פּאַסי־רונגען, פאַר די קעגנשטאַנדן פון זיין איגנאָראַנטער באַוווּנדערונג, און וואָס האָט ווי געעפנט די טירן פון דער נאַטורס מיסטעריעז, — איז שוין דערפירט געוואָרן צו שלימות. מעטאַפיזיק — די וויסנשאַפט פון מענטשנס אינטימער נאַטור און לאָגיק — אָדער די גראַמאַטיק און עלעמענטאַרע פּרינציפּן פון יענער וויסנשאַפט, — האָבן געקראָגן פון די שפּעטערדיקע פילאָסאָפן פון פּעריקלס דור אַ פעסטן באָדן. די גאַנצע פּינקטלעכערע פילאָסאָפיע אונדזערע איז געבויט אויף די אַרבעטן פון די דאָזיקע גרויסע מענטשן און אַ סך ווערטער וואָס מיר ווענדן אָן אין מעטאַפיזישע אַנט־שיידונגען זענען פון זיי דערפונדן, כדי צו געבן פּינקטלעכקייט און סיס־טעם זייער רעזאָנירן. די מאָראַל־וויסנשאַפט אָדער דער פרייוויליקער אויפפיר פון מענטשן בנוגע זיך אַליין אָדער אַנדערע, שטאַמט אָפּ פון יענער עפּאָכע. ווי אומאויסדרוקבאַר דרייסטער און ריינער זענען געווען די לערעס פון די גרויסע מענטשן אין פאַרגלייך מיט די בנעימותדיקע גרונטזאַצן וואָס געדייען אין די שריפטן פון די בכבודיקסטע מאָדערנע מאָראַליסטן! זיי זענען געווען אַזעלכע ווי פּאַציאָן, און עפּאַמינאָנדאָס, און טימאָלעאָן, — וואָס האָבן זיך געפורעמט אונטער זייער איינפלוס, — זענען געווען בנוגע די פאַרוואָרלאָזטע העלדן פון אונדזער אייגענעם דור.

זייערע פּאָליטישע און רעליגיעזע אינסטיטוציעס איז אַ סך שווערער צו ברענגען אין פאַרגלייך מיט יענע פון אַן אַנדער צייט. אַ סומירנדיקער באַגריף פון דעם ווערט, פון וואָס פאַראַ פּאָליטישע און רעליגיעזע סיס־טעמען, קען געשטאַלט ווערן באַאַבאַכטנדיק די בערכדיקע שטופע גליק־זעליקייט פון אינטעלעקט וואָס איז פּראָדוצירט אונטער דעם איינפלוס. און בעת אַ סך אינסטיטוציעס און מיינונגען, וואָס האָבן אין אַלטן גריכנ־לאַנד געשטערט דער אויסבעסערונג פון דער מענטשלעכער ראַסע, זענען אָפּגעשאַפט געוואָרן צווישן מאָדערנע פעלקער, וויפל שעדלעכע אָבערגלויבנס און נייע פּראָיעקטן פון מיסהערשונג, און אומגעהערטע קאָמפּליקאַציעס פון געזעלשאַפטלעכן שאָדן זענען צווישן זיי דערפונדן געוואָרן צוליב דעם אייביק וואַכזאַמען גייסט פון זשעדנעקייט און טיראַניע?

די מאָדערנע פעלקער פון דער ציוויליזירטער וועלט האָבן צו פאַר־דאַנקען דעם פּראָגרעס וואָס זיי האָבן געמאַכט (פּונקט ווי אין די נאַטור־וויסנשאַפטן אין וועלכע זיי זענען איבערגעשטיגן זייערע פאָרלויפער, ווי אין די מאָראַלישע און אינטעלעקטועלע חקירות־ודרישות, אין וועלכע ס'איז קוים צו זאָגן, אַז זיי האָבן זיך מיט יענע פאַרגליכן), דער דער־שיינונג וואָס מען רופט „די אויפלעבונג פון לערנען", ד"ה שטודירן די שרייבער פון דעם דור וואָס איז פאַרגעלאָפן און האָט דירעקט נאָכגע־פאָלגט פעריקלס רעגירונג אָדער קינפטיקע שרייבער, וואָס זענען געווען, אַזוי צו זאָגן, די טייכן וואָס האָבן אַרויסגעשטראָמט פון יענע פאַרציי־טיקע פאָנטאַנען. און כאָטש עס שיינט צו זיין אַ פּרינציפּ אין דער מאָ־דערנער וועלט, וואָס, ווען אומשטאַנדן אַנאַלאָגיש צו יענע מאָדעלירנדיק די אינטעלעקטועלע כוחות פון דעם דור איבער וועלכן מיר רעדן, זאָלן, אין אַזאַ האַרמאָנישער פּראָפּאָרציע, אַנטשטיין, וואָלטן זיי זיי אַרעסטירט און פערפעטוירט, און געווידמעט דעם פּועל־יוצא צו אַ גלייכער, פאַר־ברייטערטער, דויערהאַפטיקער אויסבעסערונג פון דעם מענטשנס לאַגע — כאָטש גערעכטיקייט און דער אמתער זין פון מענטשלעכער געזעלשאַפט זענען, אויב נישט פּינקטלעכער, טאָ איז אַלגעמיינער פאַרשטאַנען; כאָטש מענטשן וויסן אפשר מער, און דערפאַר זענען זיי מער, אַלס מאַסע, — פונדעסטוועגן איז דער פּרינציפּ קיינמאָל נישט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין טאַט, און פאָדערט באמת אַן אוניווערסאַלע און כמעט אַנטמוטיקנדיקע ענדערונג אין סיסטעם פון עקסיסטירנדיקע זאַכן. דאָס דערלערענען די מאָדערנע געשיכטע איז די שטודיע פון קיניגס, פינאַנסירן, שטאַטסלייט און גייסטלעכע. די געשיכטע פון אַלטן גריכנלאַנד שטעלט מיט זיך פאָר די אויספאָרשונג פון געזעצגעבער, דענקער און דיכטער; עס איז די גע־שיכטע פון מענטשן אין פאַרגלייך מיט דער געשיכטע פון טיטלען. וואָס די גריכן זענען געווען, איז געווען די ווירקלעכקייט, נישט קיין צוזאָג; און וואָס מיר זענען, און האָפן צו זיין, שטאַמט אָפּ, אַזוי צו זאָגן, פון דעם אימ־פּלוס און דער אינספּיראַציע פון יענע גלאָררייכע דורות.

אַלץ וואָס פאָלגט נאָך, אימשטאַנד מאַכנדיק אַ ווייטערע באַלייכטונג פון די זיטן און מיינונגען פון יענע וועמען מיר האָבן אַזויפיל צו פאַרדאַנ־קען, און וועלכע זענען אפשר געווען, אַרום־און־אַרום, די פולקומסטע מוסטערן פון דער מענטשהייט פון וועמען מיר האָבן אַן עכטן רעקאָרד, איז

געוועז אומגעהייער ווערטפול. לאָמיר נעמען אין באַטראַכט זייערע טעותים, זייערע שוואַכקייטן, זייערע טאָג־טעגלעכע טעטיקייטן, זייער באַקאַנטן גע־שפּרעך, און כאַפּן דעם טאָן פון זייער געזעלשאַפט. ווען מיר אַנטדעקן ווי ווייט די באַוווּנדערונגסווערטסטע געמיינדע, וואָס האָט זיך ווען פאָרמירט, איז געווען פון דער פולקומקייט, צו וועלכער די מענטשלעכע געזעלשאַפט איז געניוויגט דורך עפּעס אַן אַקטיווער קראַפט וואָס אַספּירירט אין דער באַ־העלטעניש פון איטלעכן האַרצן, ווי גרויס דאַרפן אונדזערע האָפענונגען זיין, ווי אַנטשלאָסן אונדזער קאַמף! וואָרעם די גריכן פון פּעריקלס דור זענען געווען אינגאַנצן פאַרשיידן פון אונדז. ס'איז צו באַדויערן וואָס קיין מאָדער־נער שרייבער האָט ביז איצט נישט געוואָגט זיי צו ווייזן ווי זיי זענען געווען. באַרטהעלעמין קען מען נישט פאַרפעלן צו לויבן פאַר אַרבעטסזאַמקייט און סיסטעם, אָבער ער פאַרגעסט קיינמאָל נישט אַז ער איז אַ קריסט און אַ פראַנצויז. ווילאַנד, אין זיינע פיינע נאָוועלן, איז ווירקלעך אַ גאַנץ נישקשה־דיקער הייד, אָבער ער האַלט זיך ביי אַ היפּש ביסל פּאָליטישע פאָראורטיילן, און האַלט זיך צוריק פון פאַרמינערן דעם אינטערעס פון זיינע ראָמאַנען דורך מאָלן סענטימענטן מיט וועלכע קיין אייראָפּעער פון מאָדערנע צייטן קען נישט סימפּאַטיזירן. ס'איז נישטאָ קיין איינאיינציק בוך וואָס זאָל ווייזן די גריכן פּונקט אַזוי ווי זיי זענען געווען; זיי שיינען אַלע צו זיין געשריבן פאַר קינדער, מיט דער פאַרזיכט אַז אַ טאַט אָדער סענטימענט, נישט אין איינ־קלאַנג מיט אונדזערע זיטן, זאָל נישט באַהויפּט ווערן, כדי די זיטן זאָלן נישט ליידן קיין פאַרלעצונג און פאַרשוועכונג. אָבער עס זענען פאַראַן אַ סך, וועמען די גריכישע שפּראַך איז נישט צוגענגלעך, וואָס דאַרפן נישט אויס־געשלאָסן ווערן, צוליב דער כלומרשטער באַשיידנקייט, פון פאַרמאָגן אַ פּינקטלעכן און אומפאַסנדיקן באַגריף איבער דעם מענטשנס געשיכטע, וואָ־רעם עס איז נישט פאַראַן אַזאַ וויסן בנוגע דעם וואָס דער מענטש איז געווען און קען זיין, פון וועלכן אַ פערזאָן קען אַוועקגיין נאָכן טיילנעמען, אַן צו ווערן אויף עפּעס אַן אופן פילאָסאָפישער, טאָלעראַנטער און יושרדיקער.

איינע פון די הויפּט־אונטערשיידן צווישן די זיטן פון אוראַלטן גריכנ־לאַנד און דער מאָדערנער אייראָפּע איז באַשטאַנען אין די רעגלען און סענ־טימענטן בנוגע געשלעכטלעכן פאַרקער. צי דער חילוק איז אַנטשטאַנען פון עפּעס אַן אומפולקומען איינפלוס פון די לערעס פון ישו, וואָס באַהויפּט די אַבסאָלוטע און אומקאָנדיציאָנעלע גלייכקייט פון אַלע מענטשלעכע וועזנס,

אָדער פון דער ריטערלעכער אינסטיטוציע, אָדער פון אַ באַשטימט פונדאַ־מענטאַלער פאַרשיידנקייט אין דער פיזישער נאַטור, וואָס האָט געוואָרצלט אין דער קעלטישער ראַסע, אָדער פון אַ קאָמבינאַציע פון אַלע אָדער אייניקע סיבות, רעאַגירנדיק איינס אויף ס׳אַנדערע, — איז אַ פראַגע וואָס פאַרדינט אַן אומגעהייער טיכטיקע אויספאָרשונג. דער פאַקט איז, אַז די מאָדערנע אייראָפּעער האָבן אויף דעם געביט, און מיט אָפּשאַפן שקלאַפעריי, גאַנץ באַשטימט פאַרבעסערט די רעגולירונג פון דער מענטשלעכער געזעלשאַפט; און אַלע מדות פון גוטסקייט און חכמה פון פעריקלס דור זענען אויפגעקומען אונטער אַנדערע אינסטיטוציעס, נישט אַכטנדיק אויף דער פאַרמינערונג וואָס פערזענלעכע שקלאַפעריי און די אינפעריאָריטעט פון פרויען, אָנערקענט פון געזעץ און געזעלשאַפטלעכער מיינונג, האָט געמוזט האָבן פּראָדוצירט אין דער דעליקאַטקייט, האַפטיקייט, אומפּאַסיקייט, און דער פּינקטלעכקייט פון זייערע קאָנצעפּציעס, אין מאָראַלישער, פּאָליטישער און מעטאַפיזישער וויסנשאַפט, און אפשר אין יעדער אַנדער קונסט און וויסנשאַפט.

די פרויען, ווערנדיק דעגראַדירט, זענען געוואָרן אַזוינע ווי ס׳איז געווען צו דערוואַרטן זיי זאָלן ווערן. זיי האָבן פאַרמאָגט, חוץ אויסערגעוויינלעכע אויסנאַמען, די געוווינהייט און מעלות פון שקלאַפן. זיי זענען מסתם נישט געווען קיין זייער שיינע. וויניקסטנס איז נישט געווען אַזאַ דיספּראָפּאָרציע אין דער צוציִונגס־קראַפט פון דער אויסערלעכער פאָרם צווישן דעם מענלעכן און ווייבלעכן געשלעכט ביי די גריכן, ווי עס עקסיסטירט ביי די מאָדערנע אייראָפּעער. זיי זענען זיכער געווען מאַנגלדיק אין יענער מאָראַלישער און אינטעלעקטועלער שיינקייט מיט וועלכער די דערוואָרבונג פון וויסנשאַפט און די קולטיווירונג פון סענטימענט באַלעבט, ווי מיט אַן אַנדער וועלט פון איבערוועלטיקנדיקער זעלישקייט, די געזיכטסצוגן און די באַוועגונגען פון יעדער פאָרם וואָס זיי פאַרמאָגן. זייערע אויגן האָבן נישט געקענט זיין טיף און קאָמפּליצירט פון דעם ווי דער געדאַנק האָט ביי זיי געאַרבעט, און נישט פעיִק געווען צו פאַרפלאָנטערן אַ האַרץ אין נשמה־פאַרוועבטע לאַבירינטן.

זאָל זיך נישט דוכטן, אַז דערפאַר וואָס די גריכן האָט געפעלט דער לעגיטימער אָביעקט, זענען זיי נישט געווען פעיִק אויף סענטימענטאַלער ליבע, און אַז די ליידנשאַפט איז בלויז דער אָפּשטאַם פון ריטערלעכקייט און דער ליטעראַטור פון מאָדערנע צייטן. דער אָביעקט פון איר אורטיפ

עקסיסטירט אייביק אין געדאַנק, וואָס דערווײַלט אויס צווישן יענע, ענלע־כערע צו זיך דאָס וואָס איז מער אייגן־ענלעך; און פילט אינסטינקטיוו אויס די צווישן־חללס פון דעם ניט־שלימותדיקן בילד, פונקט אַזוי ווי די פאַנ־טאַזיע פורעמט און פאַרענדיקט די געשטאַלטן אין וואָלקנס, אָדער אין פייער, צו דער ענלעכקייט פון עפּעס אַ פאָרם, חיה, געביידע, אָדער וואָס עס זאָל נישט דערמאָנען. דער מענטש איז אין זיין ווילדסטן צושטאַנד אַ געזעלשאַפטלעך וועזן; אַ געוויסער גראַד ציוויליזאַציע און ראַפינירטקייט איז גורם באַשטענדיק דעם באַגער פון סימפּאַטיעס מער אינטימע און פולשטענדיקע, און דאָס באַפרידיקן די חושים איז נישט מער אַלץ, וואָס ווערט באַצוועקט פון געשלעכטלעכער פאַרבינדונג. עס ווערט באַלד פאַר־וואַנדלט אין אַ זייער קליינעם טייל פון יענעם טיפן און קאָמפּליצירטן סענטי־מענט וואָס מיר רופן ליבע, וואָס איז גיכער דער אוניווערסאַלער דורשט נאָך געמיינזאַמקייט, נישט נאָר פון די חושים, נאָר פאַר דער גאַנצער נאַטור, דער אינטעלעקטועלער, עמפינדלעכער און סענסיטיווער; און דער דראַנג, ווען אינדיווידואַליזירט, ווערט אַ באַהערשנדיקע נויטווענדיקייט, אויסשליס־לעך באַפרידיקט צו ווערן פון דער פולשטענדיקער אָדער טיילווייזער, אַקטועלער אָדער געדאַכטער דערפולונג פון זיינע פאָדערונגען. דער באַגער וואַקסט שטאַרקער אין פּראָפּאָרציע צו דער אַנטוויקלונג וואָס אונדזער נאַטור קריגט פון דער ציוויליזאַציע, וואָרעם דער מענטש הערט קיינמאָל נישט אויף צו ווערן אַ סאָציאַל וועזן. דער געשלעכטלעכער אימפּולס, וואָס איז בלויז איינער, און אָפט אַ קליינער טייל פון די פאָדערונגען, דינט, צוליב זיין אויגנשיינלעכן און אויסערן כאַראַקטער, ווי אַ מין טיפּ אָדער אויסדרוק פון דעם איבעריקן, אַן אַלגעמיינע באַזע, אַן אנערקענטער און דייטלעכער צוזאַמענבונד. דאָך איז עס אַ באַגער וואָס קריגט צו אַ ניט אייגנשאַפטלעכע קראַפט פון מיט־אומשטאַנדן וואָס רינגלען אים אַרום, און פון דעם מין וואָס אונדזער טבע דורשט צו באַפרידיקן. כדי דאָס אָפּצו־שאַצן, איז כדאי צו באַמערקן דעם גראַד אינטענסיטעט און דויערהאַפ־טיקייט פון דער מענלעכער ליבע צו דער זי ביי חיות און באַרבאַרן; און אַנערקענען די גאַנצע דויערהאַפטיקייט און אינטענסיטעט וואָס איז צו באַאָבאַכטן אין דער ליבע פון ציוויליזירטע וועזנס.

צווישן די אוראַלטע גריכן האָט דער מענלעכער געשלעכט, אַ העלפט פון דער מענטשלעכער ראַסע, געקראָגן די העכסטע קולטיווירונג און

ראַפּינירטקייט; בעת די אַנדערע, אַזויפיל וואָס איז שייך צו אינטעלעקט, איז דערצויגן געוואָרן ווי שקלאַפן, און דערהויבן געוואָרן בלויז אויף עטלעכע גראַד, אין אַלץ וואָס באַציט זיך צו מאָראַלישער און אינטעלעקטועלער שלימות, אַריבער דעם צושטאַנד פון באַרבאַרן. די רוימישע פרויען זענען שוין געאַכט געוואָרן אין געזעלשאַפט, און געערט כמעט ווי גלייכע שותפים מיט זייערע מענער אין דער איינאָרדענונג פון הויזווירטשאַפט און דער דערציִונג פון זייערע קינדער. די אויפפירונגען און מנהגים פון דער מאָדערנער אייראָפּע זענען עצמדיק פאַרשיידן און אומפאַרגלייכלעך ווינציקער פאַרדאָרבן ווי די גריכישע אָדער רוימישע, ווי ווייט זיי זאָלן אַלץ נישט זיין פון דעם וואָס אַ קולטורעל פאַרשטענדעניש קען נישט פאַרפעלן צו באַגערן ווי דעם צוקונפטיקן גורל פון מענטשלעכע וועזנס.

